ווערק פון מ. ד. גיסער:

פלעמעלעך און פייערלעך

ביי די פייערן

לידער און באלאדן

לידער און פאעמען

משה דוד גיסער

# לידער און לענדער



ארויסגעגעבן דורך דעם ראַדעמער לאַנדסלייט פאַריין

בוענאָס איירעס 1945

# לייז מיך אוים מיט לידער

כ'בין הונגעריק נאך לידער,
כ'בין דורשטיק נאך געזאנג.
פון גארונג מיינע גלידער
וויאנעז, ווערן קראנק.

טיף, אין בונד פון ברידער,
הייל מיך, זינג אזוי,
אז ס'זאלן דיינע לידער
זיין מיר, ווי א טוי.

ווי פון שטאל א  ו ו י ד ע ר
שמעטערט מויער, שטיין:
זאלן דיינע לידער
שטורמען מיין געביין.

ווי די שכינה — נידער
אויף מיין בלוטיק באנג;
לייז מיך אוים מיט לידער,
וועק מיך מיט געזאנג.

# געוועזן איז אַן אָרימער יונג

געוועזן איז אַן אָרימער יונג מיט באָרוועסע, ברודיקע פיס,
מיט קליידער צעפליקטע און צעריסן, דאָס פּנים געשטופּלט און מיאוס.

ער האָט נישט קיין חבר געהאַט, זיין לעבן געוועזן איז א סוד;
ווער ס'האָט אין דער גאַס אים געזען, דער האָט פון זיין פּנים געשפּאָט.

געוועזן איז ער אָרים אזוי, וואָס אָרימער קאָן שוין נישט זיין.
מיט וויין און מיט „טשיטשא"-געטראַנק, ער האָט נישט פארשיכורט זיין פּיין.

ער האָט אין זיין בוזעם געטראָגן א גוטסקייט צו אלץ אויף דער וועלט;
אליין אינעם רעגן געטאַפּטשעט, געציטערט פון נעץ און פון קעלט.

געטראָפן א קינד א פארלאָזנס, — ער האָט עס מיט ליבשאַפט געגלעט;
געגאַנגען אין טומל פון גאַסן, געשמייכלט צו זיך און גערעדט.

עס האָבן די הינט, די פארלאָזטע, געלעקט און געקושט זיינע הענט,
און ס'האָבן די שטאָטישע טויבן זיין שמייכל פון גוטסקייט דערקענט.

ביי זיך, אויף זיין אָרעם געלעגער, ווען ער איז געלעגן אליין,
דאַן זיינען פון גאַנץ סאַנטיאַגאָ די בעטלערס געקומען צוגיין.

זיי האָבן פון שלאָף אויפגעוועקט אים, געשטעלט זיך אַרום אין אַ רינג,
און בייזע, געהייסן אים טאַנצן, און שטרענגע, באַפוילן אים: זינג!

ער האָט זיך מיט זיי נישט געדונגען, געזונגען אַזאַ מין געזאַנג,
וואָס ווער עס האָט עס געהערט נאָר, דער וועט עס געדענקען אויף לאַנג.

# אָדלערס סימבאָלן

די פינצטערע אָדלערס — סימבאָלן —
מיט שאַרפע צעשפּיציקטע שנאָבלען,
מיט שוואַרצע געפעדערטע פליגלען,
באַדראָען שוין ווידער די פעלקער.

זיי פלאַטערן שטאָלצע אויף פאָנען,
מיט פלאַמיקע, גיריקע אויגן,
באַוואָפנט מיט שווערדן און סצעפּטערס
פון בלוטיקע, בייזע מלכים.

זיי האַלטן די שנאָבלען צעעפנט
און שרייען ס׳געשריי פון מילחמות;
מיט צינגער, ווי פייער צעגליטע,
מיט נעגל געשליפן, ווי שפּיזן.

זיי רופן די פינצטערע כמאַרעס
מיט רעש פון צעהוליעטע ווינטן
און וועקן דעם גרויל פון פאַנטאַזמעס,
וואָס וועלן אין בלוט אַלץ דערטרינקען.

זיי טרייבן באוואָפנטע מחנות
ארוים אויף די פּרוכטבארע פעלדער,
מיט פּויסטן געביילטע פון וואנזין,
מיט הערצער משוגע פון יובל,

בארוישטע פון בלוטיקע הימנען,
פארכליניעט פון אייגענער שיכרות,
פארבלענדטע פון ווילדע ניצחונות,
געפירטע צום אָפּגרונט פון שטארבן.

אין טייכן דאָס בלוט וועט זיך גיסן,
פאר הינט און פאר מייז די געדערים;
און ס׳וועלן באוואכן די העלדן
די חורבות, ווי נאקעטע שארבנס.

די פינצטערע אָדלערס, סימבאָלן,
מיט הימנען און לידער באקראנצטע
אויף זילבערנע פאלבן פון אטלעס, —
באדראָען שוין ווידער די פעלקער.

עס פליען אין גאָלד איינגעטונקען
די פּרינצן (און ס׳שאלן טראָמפּייטן),
אויף פערד, אויף צעיושעטע, שווארצע,
מיט נאָזלעכער, שוים אויף די רינגען;

מיט שווערדן, וואָס בליצן אין זון-ליכט,
באַפאַנצערט, באַוואָפנט, באַקיווערט,
און ס'שלינגען די מחנות באַרוישטע
דעם סם פון די שפּעטע ניצחונות.

עס ברענען אויף לענדער די שלאַכטן,
די אָדלערס, זיי פלאַטערן צאָרניק.
די מחנות, זיי שפּרייזן און שפּאַנען
אויף טויט און אויף ווילדער פאַרניכטונג.

ווער וועט צעברעכן די שנאָבלען
פון שרעקלעכע אָדלערס, סימבאָלן?
די בייכער, די פעטע צעפליקן,
פאַרברענען, פאַרניכטן די פאָנען?

בלינד זאָלט איר ווערן אויף אייביק!
שטויב!... פון די ווינטן צעטראָגן.
עס שרייען פון ערד די הרוגים.
א טויט אייך, איר אָדלערס, סימבאָלן!

סאַנטיאַגאָ, 15טן אָקטאָבער 1938.

# א פויגל

איז געפלויגן א פויגל חדשים און טעג נאכאנאנד,
איז ער געקומען צו א נייעם אָרט און א נייעם לאנד.

האָט ער געזונגען, דער פויגל, דאָס ליד פון זיין וויטער מדינה:
— איך קום פון אן אָרט אזא, וואו די פעלדער זענען גרינע.

— איך קום פון א לאנד אזא, וואו די טייכן זענען קלאָרע,
און אלע לידער, וואָס איך זינג, זיינען לויטערע און וואָרע.

ביי אייך, אז מען זייעט א פעלד, ווערן דערנער געבוירן!
ביי אייך, אז מען זינגט א ליד, ווערט עס אין חלל פארלוירן.

ביי אייך, אז עס קומט א קינד אויף דער וועלט, איז ווי זיין נשמה.
נאָך איידער ער וואקסט נאָך ארויס, מען שיקט אים אוועק אין מילחמה.

מען גיט אים א ביקס און א שווערד, גראנאטן, א רימען מיט קוילן,
און ס׳פרעסן די ווערים זיין לייב און די ביינער טריקענען און פוילן...

האָט ער געזונגען, דער פויגל, און ס׳ליד זיינס געעפנט האָט וואונדן,
געגעבן א פאָך מיט די פליגלען און הויך אין די וואָלקנס פארשוואונדן.

# הער, שטאָלענער ריטער

הער, שטאָלענער ריטער,
מיט אייזערנע נערוון!
וואו רייטסטו אין ווילדן גאַלאָפּ?
דיין פערד איז פארבלוטיקט
און ס׳קלינגט ווי א שארבן,
דיין שווערער באקיווערטער קאָפּ.

א שלאנג האלט פארוויקלט
דעם לויף פון דיין אימפעט,
און איבער דיר הענגט א קאָרשון,
וואָס דרויט אין זיין פלאטער
און שרייט אומגעלומפערט:
א טויט דיר, פארשאָלטענער זון!

וואו טראָגט דיך, וואו יאָגט דיך
דער ווינט פון דיין ווילן
דורך סטעפּן פון טויט און צעשטער,

ווען בליצן זיך שלאָגן
מיט בלייערנעם טונקל,
ווען אלץ איז אומהיימלעך און שווער?

ווען ווייטן און נאָענטן
פארבאָרגן אין וואָלקנס
דעם אָנזאָג פון טאָג און באניי...
— וואו רייטסטו מיט טומל,
דו, שטאָלענער ריטער,
וואו טראָגט דיך דיין ווילדער געשריי?

# דער היישעריק זינגט...

ער קומט, ער ציט, דער היישעריק, עס רוישן זיינע פליגל.
דער קערפער—ברוין-געפּאנצערטער, די פיסלעך—רויט און שפּרינגענדיק.
אלץ פינצטערער, גערדיכטער פארשטעלט די זון, די וועגן...
צום קאמף, א גרייט-באוואָפנטער, מיט בייסערס און מיט זעגן.

— וואו ביסטו, מענטש! ער זשומט און ברומט, עס וועט דיך נישט פארמיידן!
איך בין דער היישעריק און קום דיין תבואה שניידן!
מיין פאָלק איז זיגרייך איצט און הונגעריק צום פרעסן...
אויף דיינע שפּייכלערס, פעלד, אויף דיינע זאַטע פליינען,
מיט שטורעם-אַנגעיאָג, מיר לאגערן מעת-לעתן —
און גאָרנישט וועט דיר העלפן, נישט שרייען און נישט וויינען.
און וויפל זאָלסט נישט אונדז אויף פראך, אויף שטויב צערייבן —
מיר וועלן טויזנטער און מערער נאָך אלץ בלייבן.

געקומען מוטיק, דרייסט, אויף ביימער זיך צעשאָטן.
נישטאָ פאַר אונדז קיין שרעק, קיין „טאָר נישט און פארבאָטן".
די צווייגן — נאקעט, לער, קיין שאָטן נישט צו ווארפן;
און מיר די ציינער-פּיס — מיר שארפן אלץ און שארפן.
אָ, זע! ווי ס'פליען ווילד צום הימל אונדזערע שארן!
מיר זיינען דרייסט גענוג און ס'טוט אונדז גאָרנישט ארן.

געקומען — איז געקומען! איינמאָל לעבט מען, שטארבט מען;
און וואָס מען וויל — דאָס פרעסט מען, און וואָס מען וויל —
פארדארבט מען

אונדז זיינען שוין די וועלדער ענג און מיאוס געוואָרן,
און דאָ איז פריי און פריילעך פאר אונדזער לוסט און צאָרן.
אָט, וועל־מיר זיך א שפיל טון און עפּעס נאָך פארזייען;
א דור מיט יונגע שפרינגערס, וואָס וועלן דיך נישט פרייען.

אהאָ! דו מענסט אונדז צינדן, די וועגן אונדז פארצוימען,
איצט לייג אוועק די וויזיעס פון אלע דיינע טרוימען.
אז קומען — איז געקומען! טאָ לאָמיר זיך באווייזן,
ווער פון אונדז איז שטארקער! אומזיסט דיין שטאָל און אייזן!
אז וויפל זאָלסט נישט וועלן ראנגלען זיך און ווערן —
מיר וועלן דיך מיט רוגזה פארניכטן און צעשטערן.

# הער, פּאַרטיליקער פון פעלקער!

הער, פּאַרטיליקער פון פעלקער!
פאלן וועסטו, שענדלעך שטארבן!...
און עס וועלן שלאַנגען ראַיען
אין דיין אויסגעהוילטן שארבן.

דיינע בלוי-צעגלאָצטע אויגן
וועלן ראָב און שפּארבער פּיקן;
און מיט לייב פון דיינע זויגלינגס —
וועלן שטשור און מויז זיך קוויקן.

דו, וואָס האָסט מיט בייטש פון פלאמען
שטעט און דערפער אָנגעצונדן, —
וועסט אליין אין בראנד פון פייער
מיט דיין האָב און גוטס פארשווינדן.

אומעטום, אויף פעלדער, וועלדער,
איבער דיינע קברים-קופּעס,
וועלן טאָג ביי טאָג דיר שטעלן
פליגן-כמארעס שווארצע חופּות.

זון וועט שיקן קללה-שטראַלן,
פּעסט וועט הילן דיינע טאָלן.
און פאר חורבן פון די פעלקער —
האַרב און ביטער וועסטו צאָלן.

# ווינער וואַלץ

שפּיל, אָרקעסטער, שפּיל, מיט פידלען און טרומפּייט,
א ווינער וואלצער-טאנץ, וואָס וויגט און שלעפערט איין.
אינדרויסן בושעוועט דאָס ווינער פאָלק מיט פרייד,
די שויבן ברעכנדיק ביים רויטן פאקל-שיין.

אינדרויסן פלאקערן די פאָנען אין דער נאכט
מיט שווארצן האקן-קרייץ, אין רויטן גלי פון בראנד.
נישטאָ קיין שרעקלעכערס פון טייוול אויסגעטראכט,
ווי בלוט און וואלצער-טאנץ ביים בלויען דונאי-שטראנד,

ווען אָרעמס שטרעקן זיך מיט „הייל"-רוף צו דער הויך,
פאר נירון'ס אָנגעזיכט, אין קופער-פלאם פון גלאנץ.
נישט רוים אין פייער ברענט, נאָר ס'זעצן פלאם און רויך.
פון הייזער יידישע, ביים שפּיל פון וואלצער-טאנץ.

שפּיל, אָרקעסטער, שפּיל! מיט זיסקייט פון אקאָרד
נעם דורך די שווארצע נאכט, פארכישוף ביז עקסטאז!
אין דרויסן ברום-געשריי: פון בלוט, פון רויב און מאָרד, —
און ס'טאנצט דאָס ווינער פאָלק דעם טאנץ פון משוגעת.

# פארהונגערטע

פארהונגערטע, בלויז וואונד און וויי,
און דורכגעפרוירענע פון קעלט,
פויזען, קריכן, מענטשן צוויי
אין פינצטערניש, דורך וואלד און פעלד.

ארום זיי — נאכט, מיט גרויל און שרעק,
און אויף דעם וועג, וואו ס'ליַיערט טויט,
זיי טראָגן זעק, זיי טראָגן פעק,
מיט הארטן קעז און שווארצן ברויט.

זיי גראָבן טריט אין טיפן שניי:
פאָרויס, פאָרויס!... אין מיד־געוויג,
זיי ווייסן איינס, זיי ווייסן צוויי:
אז בים פון ברויט — איז נס פון זיג.

זיי בענטשן פראָסט און שווארצער נאכט
און אויך דעם ווינט, וואָס פרואווט נישט אוים
אויף בערג, מיט שניי, זיין ווילדע מאכט,
און אָכצן שטיל: פאָרויס, פאָרויס!...

זיי ווייסן איינס, זיי ווייסן צוויי:
אז ערגעץ־וואו, אין מיט מעת־לעת,
ווארט מען אויף דעם קעז און ברויט,
ווי אויף א גרוים און ליכטיק נס.

# דער פויער

אויף זיין פעלד, דעם וויסטן, קלאָגט אזוי דער פויער:
מיינע קינדער-רינדער האָט דער פיינט פארלענדט!
נישט קיין בוים געלאָזן, בלויז נאָר חורבות, טרויער,
און מיין קליינע כאטקע אויך אויף אש פארברענט.

וואו איז גאָט געוועזן? — פרעגט ער מיט באדויער:
ווען דער פיינט פארטיליקט האָט מיט זיינע הענט
מיינע קינדער-רינדער? ענטפער, הימל בלויער!
הענגט א שטומער הימל, און די זון, זי בלענדט...

קיינער האָט אים גאָרנישט מער קיין טרייסט צו זאָגן.
דאָ איז בלוט געראונען און מיט ביקס און שווערד
האָבן זיך, ווי מערדער, מענטש מיט מענטש געשלאָגן,
און מיט שרויט און פייער האָב און גוטס צעשטערט.
און מיט קאָפּ געבויגן, גרוי פון פיין און פּלאָגן,
קניט ער, קושט די שטיינער פון זיין היים און ערד.

# פסח

(פאָעמע)

מיין ליכטיקן טאַטן אַ מתנה

# פסח

אין פוילן דעם לאנד, אין ראַדעם דער שטאָט,
וואוינט אויף א זייטיקער גאס נאָך אצינדער,
אין א נידעריקער שטוב, מיט דריי־באנק און ראָד,
דער אלטער מאַשיאָנזשניק, פסח, דער בלינדער.

ער וואוינט שוין צייט יאָרן אין דער דאָזיקער היים
און היינט, ווי אמאָל נאָך, שטייט ער ביים שרובשטיק,
ביים זעלביקן אויוון, ביים קאסטן מיט ליים,
מיט קלעשטש און מיט האמער, מיט פייל און מיט גראָבשטיק.

דעם קאָפּ אָנגעבויגן, שניצט ער און קריצט,
אויף ברעטער־מאָדעלן, קוואדראטן און רונדן.
געהאט האָט ער קינדער, וואו זענען זיי איצט?!
אין ווייטע מרחקים, ווי פייגל פארשוואונדן...

ס׳האָט ראָדעם, די שטאָט, אויף פוילן א שם,
מיט אירע גוראַלניעס און ביר־ברויערייען,
מיט אירע פאבריקן פון געמיזע און כראָם,
מיט מילן, וואָס מאָלן דאָס מעל און דעם קלייען.

מיט הוטעם, די קוימענס פאַריסענע הויך,
און שטאָל־גיסערייען מיט האַמערס און פּרעסן,
וואָס פייפן און זשומען און שפּייען מיט רויך,
אַן אָפּהאַלט, אָן אויפהער, אויף גאַנצע מעת־לעתן.

ס'איז ראָדעם, די געגנט, באַרימט מיט איר ערד,
מיט גיטער, פּאַלוואַרקן פון כראַביעס און גראַפן,
מיט שטאַלן־פּאַלאַצן פאַר איידעלע פערד
און אָרימע כאַטקעס פאַר פּויערים־שקלאַפן;

מיט מאָכיקע ערטער, רייכע אין טאָרף,
און זאַפטיקע לאָנקעס, און טייכלעך, און וועלדער,
און קוזשניעס ביים וועג פון יעדערן דאָרף,
און טאָפּאָליעס הויכע, וואָס שטייען, ווי די זעלנער.

און ס'שפּרייט זיך גאָטס ברכה אויף סטויגן פון היי,
און גאָלדענע זאַנגען, ווי כוואַליעס זיך יאָגן.
און אַזוי אין באַגינען אין מיט פון שאָסיי,
לעבעדיק, פריילעך, עס טראָגט זיך אַ וואָגן.

זוער פאָרט אַזוי פריילעך? וואוהין איז דער וועג?
קיין גנישעוו? קיין פערליע? צי אפשר קיין קאָריץ?
דאָס פאָרט איצט רב פּסח מאָשיאַנזשניק אויף טעג,
פאַריכטן מאַשינען צום זלאָטשעווער פּריץ.

ער ווינגט זיך אין וואָגן און חלומט... מיראזש...
אָט גייט ער, זיין טאטע, רב משה מאָשיאָנזשניק,
אוודאי צום פּריץ, דעם רוסישן קניאזש,
מיט לייט-אייזן, האמער, מיט פייל און מיט דראָנזשיק.

ער שוועבט אויף די סטעזשקעס, באוואקסן מיט גראָז,
אָט זעט ער אים דייטלעך און ס׳ווערט אים וואָס קשה:
אָ, טאטע! וואו גייסטו? וואוהין? און צו וואָס?
אז טויט איז פון לאנג שוין דער רוסישער רשע?

און ס׳ענטפערט דער טאטע: — אויך איך קום אצינד
פון פראגער בית-עולם אהער זיך געריסן,
א קוק טון, וואָס מאכט עפּעס פּסח מיין קינד, —
דאָס האָט זיך אין קבר פארגלוסט מיר צו וויסן...

געדענקסטו דאָס אומגליק, וואָס האָט אונדז געבראכט
אין ווארשעווער פעסטונג — געקאָוועט אין קייטן —
פאר האנדלען מיט פולווער (נישט היינט דאָ געדאכט),
ביז האָסט מיך צום קבר געטוען באגלייטן?

אוועק יענע יאָרן, ווי רויך מיטן ווינט, —
און איצטער, וואָס הערט זיך? נו, זיי נישט קיין שלעכטער!
דערצייל מיר, נאָך איידער דער מאָרגן צערינט,
וואָס מאכן די קינדער, מיין בכור און די טעכטער?

איז יאַנקל, דיין ברודער, ווי אַמאָל נאָך, דער גבר,
מיט פויערים זעלנער, גרייט זיך צו שלאָגן
אויף קידוש השם, דורך טויט און געפאַר
פאַר א יידישע עוולה? דאָס זאָלסטו מיר זאָגן!

און רבקה, מיין עלצטע — צי גייט איר אַלץ שלעכט?
א נייטאָרן, נעבעך, אין שטוב פייפט דער דלות...
צי דזשאָבעט זי, נייט אַלץ, ביז שפּעט אין די נעכט,
אריין אירע יאָרן, אין העמדער פאַר כלות?

און סימע, די צווייטע, נייט אויכעט, וואָס דען?
צי גראַמט זי נאָך לידלעך, א נחת צו הערן?
איר מאַן, מיין „טשעלאַדניק"? ווי לאַנג און ביז ווען,
וועט שלמה, דער „לאַנגער", זיין ווייב נישט דערנערן?

און היהלע, טאָכטער, בלויז הויט און בלויז ביין,
וואָס טוסטו, דו נייסט? — אין לייוונט, אין ווייסן
באַגראָבט זי, מסתמא, איר צער און געוויין
אויף פאַרביטערטע יאָר מיט איר מאַן, מיטן כעסן.

און רחל, די יינגסטע, דאָס שיינע געשטאַלט, —
וואָס מאַכט זי? וואו איז ער, דער חשבון פון לעבן?...
דער וואָגן, ער שלעפּט זיך דורך פעלד און דורך וואַלד,
און ס'שוועבט, ווי א שאָטן, דער טאַטע דערנעבן.

ער טראַכט זיך: צי זאָל ער דערציילן אצינד
פון דעם, וואָס די צייט האָט צעשטערט און פאַרדאָרבן?
צי ווייסט נישט דער טאטע. — אז ווי און אז ווינד! —
נישטאָ מער קיין יאנקל, פון לאנג שוין געשטאָרבן!

ער שטרעקט אויס צו ראָדעם א מאכטלאָזע האנט:
אָ, טאטע! דאָרט, זעסטו, אומצייליקע קברים?...
וואָס האָסטו דעם נאָמען פון רבקה דערמאנט?
אויך זי איז געשטאָרבן, פאַרוואָרלאָזט און אָרים.

און היהלע? ווי מיר, ווי ס'ציטערט מיין לייב!
אָ, ווייסטע מצבות, אין זון-היץ, אין שלאַקסן...
דאָרט רוט אויך פאַראייגזאמט רבקה, מיין ווייב,
און איר קבר, א ווילדער, מיט גראָזן באוואקסן...

זיין הארץ ווערט צעעפנט, עס בלוטיקט אין קראמף:
„אָ, טאטע!״ בלייבט הענגען אין לופט זיין געיאָמער...
ער עפנט די אויגן און לייכט, ווי א דאמף,
ווערט דאָס בילד פונעם טאטן צעשוואומען, נישטאָ מער...

דורך פעלדער און לאָנקעס, עס ציט זיך דער שליאך,
א וועלדל, א טייכל, א דאָרף קומט אנטקעגן.
א סטאָדאָלע קוקט מיט א שטרויענעם דאך,
און הילצערנע צלמים ביים קרייץ פון די וועגן.

אַט דרייט זיך און שפּרייט זיך גלאַט, ווי אַ טיש,
דעם פּריצס פּאַסעסיע, אין ליכטיקן מאָרגן.
דער טייך, וואָס איז פול מיט אומצאָליקע פיש,
מיט העכטן און קאַרפּן, אַ וועלט צו באַזאָרגן;

מיט טאַרטאַקעס שווערע, וואָס הודזשען אין וואַלד,
און שטראָמען, וואָס טרייבן פון מילן די רעדער.
דער וואָגן, ער שלעפּט זיך און אַט וועט ער באַלד
פאַמעלעכער פאָרן צווישן די סעדער.

שוין שטייט ער, דער פּריץ, ביי זיך אויף דער שוועל
און ס׳קלינגט זיין „דזיען דאָברי״ אַקעגן דעם יידן.
די וואָנצעס, זיי טאַנצן, באַוועגן זיך שנעל,
און די אויגן, זיי שמייכלען גרוי און צופרידן.

— וואָס מאַכט פּאַן „מאָשיאָנזשיק״? וואָס הערט זיך אין שטאָט?
פאַרגעסן אין „דזיעדזשיץ״! אַוועק און פאַרלוירן!
דער גלח זאָגט אויך, אַז ס׳איז באמת אַ שאָד,
וואָס ס׳איז נישט פּאַן פּסח קיין פּאָליאַק געבוירן.

איי, וועט ער דאָס קרעכצן! ער מאַכט זיך שוין פּלאַץ
אויפסניי אָנצוהויבן זיין אַלטן וויכוח
פון האַר, אונדזער „יעזוס״. כאָ, כאָ! ווי איך פּלאַץ
באַצייטנס פון לאַכן, אַז ס׳כאַפּט מיך דער רוח.

רב' פסח, ער שמייכלט מיט שטילן געמיט
פון פריצס הלצות און ענטפערט געלאסן,
אין איידלסטן פויליש, וואָס קלינגט, ווי א ליד:
— אָ, „דזיעדזשיץ קאָכאני״! ס'איז גוט דיר צו שפאסן;

נאָר מיר איז אומהיימלעך. ס'איז גאָר שוין נישט גוט.
אוועק יענע צייטן פון האָנאָר און טוגנט.
די שטאָט איז א „ה ע ל ל ע״ און ס'יידישע בלוט
ווערט הפקר פארגאָסן פון פוילישער יוגנט.

אָ, דאָס איז געוועזן דער גלאָר־רייכער רום
פון העלדישע קעמפער, וואָס האָבן אין „פ יי ע ר״
באזונגען די יוגנט — די „ק ר ו י ן״ און די „ב ל ו ם״ —
פון פוילנס דערוואכונג, די נייע באפרייער?

אָט לויפט זי מיט יובל, די יוגנט, אין גאס,
מיט שטיינער און שטעקנס, צו מאָרדן און רויבן.
זי פינעט מיט שנאה, מיט צאָרן און האס,
אפילו אין נאָמען פון קריסטלעכן גלויבן.

דער גלח אין „קאָשטשיאָל״, ער דונערט און שיט
אראָפּ פון „אמבאָנע״ מיט פעך און מיט שוועבל.
אין נאָמען פון „יעזוס״ פארשעלט ער דעם „זשיד״
און צינדט אָן די „יוכע״ ביים פוילישן פעבל.

נאָך גוט, וואָס מיין זון איז פון פוילן אוועק
און אויך מיינע טעכטער. ווי ס׳קילט מיין געוויסן!..
פאר זיי איז נישטאָ מער קיין פחד און שרעק,
מעג ווערן דאָס הארץ מיינס אויף שטיקער צעריסן.

נישטאָ איז אין פוילן קיין ווינקל, קיין קאנט,
וואו אומגעריכט זאָלסטו נישט טרעפן דאָרט וואוינען,
— צי טיף אין א וואלד, צי גאָר אויפן לאנד, —
אלט-היימישע יידן, גאָר מאָדנע פארשווינען.

יידן, ווי דעמבעס, מיט שטשעטשינע-בערד,
וואָס וואוינען אין דאָרף, שוין פון „קאזשימיערזש" צייטן,
אין הילצערנע כאטעס, אויף פריצישער ערד.
און פירן זיך ערלעך, „צו גאָט און צו לייטן".

יידישע „שוואיגערס" (דאנק גאָט פאר גענאַד!),
וואָס פירן באגינען די מילך און „מאשליאנקע"
פאר יידישע קינדער, וואָס וואוינען אין שטאָט,
דאָס הארץ צו דערקוויקן פון שוואכע און קראנקע.

אמאָל גאָר א יידישער נזיר — עס טרעפט —,
וואָס לעבט אין א בודע, אין וואלד, טיף פארבאָרגן,
מיט הארץ-זעל צו שכינתא דקודשא באהעפט
דורך טבילות און תפילות, אין פרומען פרימאָרגן.

און ס׳פעלט נישט קיין יידישער קרעטשמער, וואָס האלט
די דאָרפישע קרעטשמע ביים פריץ געדונגען,
וואו ס׳קומען צונויף זיך די שרייבערס פון וואלד
און דורכפאָרער סוחרים און „קאָניאזשעס"-יונגען.

אין טעג, נאָך דער ארבעט, גייט פסח צוריק
אהיים צו דער קרעטשמע, אין שטילע מחשבות,
נאָך שווערער האָרוואניע קלינגט זיס, ווי מוזיק,
דאָס זשומען פון זשוקעס, וואָס טרייבן קאַטאָוועס.

דער דופט פון די ביימער נעמט דורך זיין געביין.
און פלוצים דערמאָנט ער זיך ווידער מיט ווייטיק,
אז די „צייט האָט קיין צייט נישט", און ער איז אליין
סיי זונטיק, סיי מאָנטיק, און דאָנערשטיק, פרייטיק...

צום וויפלטן מאָל שוין עס פייניקט אים שווער
דער געדאנק פון אליין זיין; און ער איז מקנא
די יידן, די פראָסטע, וואָס וואוינען אויף ערד
מיט ווייב און מיט קינדער, „הוידאנא", „הוידאנא"!...

ער שפאנט דורך די סטעזשקעס און זינגט זיך אזוי
דאָס פויערים-לידל פון נאָגנדן טרויער:
„הוידאנא", הוידאנא"!... אז וויי און אז אוי
איז פסחן איצטער, וואָס זינגט, ווי א פויער:

„האסט, פויערל־שוטה, א באראן פארמאגט
מיט גאלדענע הערנער און שעפעלעך, רינדער,
האסטו, דו פויער, אין וואלד זיי פאריאגט,
„הוידאנא”, „הוידאנא”!... וואס וויינסטו אצינדער”?

דער „שוואיגער” אין פענצטער, ער שאקלט דעם קאפ:
וואס טוט איר, רב פסח, צי זענט איר פון זינען?
איר גייט דורכן דארף און איר זינגט, ווי א זשלאב.
וואס זינגט איר און בלעקערצט אינמיצקע דערינען?!..

— ווי שלעכט איז זיין איינזאם, אן קינד און אן רינד,
ווי א בוים אין דער מידבר, אן טוי און אן רעגן!
די צווייגן זיך סקרוכניען פון מינדעסטן ווינט, —
טא זינג איך „הוידאנא”, ווי א גוי אויף די וועגן.

עס פאסט נישט, ווי זאגט איר? א ייד, א בר־דעת,
צעזינגט זיך גאר פלוצים? א שרעק... אומגעהויער!...
כ׳בין קראנק, אוי, רב לייזער, אויף א מאדנעם חולאת:
איך בענק נאך די קינדער, כ׳וועל אויסגיין פון טרויער!

בייטאג, ביי דער ארבעט, ביינאכט, ווען איך שלאף, —
עס גיט מיר קיין רו נישט, עס לעבערט מיין שארבן!..
כ׳האב פארשיקט מיינע קינדער, איז קומט מיר די שטראף.
נאר ס׳ווילט זיך זיי זען, כאטש איינמאל, ביים שטארבן...

די טעכטער, די איידעמס, די שנור און דעם זון,
און הערן דאָס יובלען פון אייניקלעך זיבן:
„אָ, זיידעניו, ליבער!...״ נאָר וואָס זאָל איך טון,
אז הארט איז מיין גורל פארחתמעט געבליבן?...

נאָך וואָכן פון טינקען אין שמיר־אייל די הענט,
פון פוצן און שלייפן, און שמערגלען ווענטילן,
קומט ענדלעך דער טאָג אָן, ווען אלץ איז צו ענד,
און ווי שפּילעכלעך גייען — די פאראָווע מילן.

עס בלישטשען די שטאנגען, טיק־טאק און טיק־טיק,
און ס׳שווינדלען די רעדער אין מעכטיקע רונדן,
און פסחנס פנים שמייכלט פון גליק,
און באלזאם פון נחת פארהיילט זיינע וואונדן.

ער שטייט, ווי פארצויבערט, און נעבן אים גאפט
דער דזשעדזשיק, און קוקט אין די אויגן בורשטינען
פון פסח מאָשיאָנזשניק, וואָס שטראלן מיט קראפט
אין ריטמישן גלאנץ פון די שטאָלצע מאשינען.

ארום אים די שמידן, די טשעסליערס, דער קשיאָנדז —
אלץ ציילעמט זיך הייליק, די רו נישט צו שטערן;
און אנטקעגן דעם פענצטער, געגאָסן, ווי בראָנדז,
שטייט פסח און פילט נישט די אייגענע טרערן.

# מיין פעטער יאנקל

מיין טאטנס עלצטן ברודער
גערופן האָט מען יאנקל.
א ייד מיט זיסע אויגן, —
אליין א חומש-מעשה.

ער איז צופוס געגאנגען
פון קאָזשיעניץ קיין ראָדעם, —
ווי אונדזער פאָטער יעקב
געצויגן האָט קיין חרן.

מיט אים האָט אויך געטראָפן
דער זעלבער טראַף און וואונדער:
ער האָט אין וועג באגעגנט
א פאסטוך-יונג, א גברן.

אליין אין פעלד, פארלאָזן,
ביי א טייך, ווי יבוק,
געמוזט מיט אים זיך ראנגלען
אין בלויען שיין פון שטערן.

נאָך קלינגט „אזוי-צו-זאָגן!"
מיט פרייד דער הומש-ניגון:
מיין טאטנס ברודער... יעקב
געקומען איז פון פדן.

ווי טייטלען — זיינע מעשיות,
ווי מילגרוימען — משלים.
און ליב וואקסט אוים זיין נאָמען,
און אלץ ווערט לויטער חלום.

# מזרח

ברוינע פנימער און אויגן מיט חלומות, —
אָ, וואונדערלעכער מזרח, מיט כישוף פון מקומות

דו האָסט אין אונדזער בלוט א פייער־בראנד געצונדן,
מיר זאָלן זיין צו דיר אויף אייביקן געבונדן.

מיר ליבן דיך מיט אלץ, מיט אומגליק און מיט פריידן
און קיינער וועט אונדז נישט צעטיילן און צעשיידן.

מיר האָבן בענקשאפטן אין זיך אריינגעשרומפן,
פון דיינע שפיצן בערג, פון דיינע שטעט און זומפן.

מיר האָבן אומעטום געטראָגן דיינע זונען;
און וואו מיר זיינען דאָ, דאָרט האָסטו זיך געפונען.

אָ, וואונדערלעכער מזרח! דו זאפט פון אונדזער ווילן!
מיר בלוטיקן פאר דיר און ס'וויל דאָס בלוט נישט שטילן.

אויף דיינע וויסטעניש, וואו ס'קלאָגן די שאקאלן, —
דאָרט איז אונדזער רוף פון פרוכטבארקייט געפאלן.

דאָרט האָבן מיר מיט דרייסט געוואָרפן נייעם זאָמען
און זיך אין דיך דערלייזט, און דיך—איי אונדזער נאָמען

# שמשון

אויף שפּאַט פון די פּלשתּים שמשון שטייט אצינד,
אין טעמפּל פון עשתּורת, הילפסלאָז ווי א קינד.

דאָס שיינע, מילדע פּנים — פאַרקריפּלט און געשענדט,
און די ליבסטע אויגן — מיט פייער אויסגעברענט.

ער פילט ארום זיך געצן, וואָס קוקן פרעמד און בייז,
און אויף זיין שדי־שטערן — פּערלט זיך א שוויים.

דער פיינט, ער טאנצט און יובלט. ער הערט זיין האס און שפּאָט:
וואָס מאכסטו, שמשון הגבור? וואו איז דיין שטארקער גאָט?

וואָס קומט ער דיר נישט העלפן? לאָז שאלן הויך דיין שטים:
„וואָס האָסטו מיך פארלאָזן? אדוני, אלוהי, אלוהים!"

ער ברומט פון צער און פארצווייפלונג, מיט שטילן געפּליסטער אזוי:
אָ, שמשון, ווער האָט דיך פאַרראַטן? דיין ליבסטע, די גויאישע פרוי!

געקושט דיך, געהאלדזט און געצערטלט, געגעבן דאָס געטלעכסטע גליק —
און אזוי דיר די האָר אָפּגעשוירן און די אָרעמס געבונדן מיט שטריק.

איצט טאנצן אוודאי די שונאים ארום איר, אין פרייד־קאראהאָד:
„א לויב דיר, דו שיינע דלילה, אין נאָמען פון בעל, אונדזער גאָט!

ער קריצט מיט די ציינער פאר ווייטיק. כאָטש איינמאָל ,ווען ער
וואָלט געקענט,
דאן וואָלט ער צעשמעטערט אויף שטיקער די מעכטיקע זיילן און ווענט.

אָט שפּרייט ער די אָרעמס פונאנדער, די אויגן צעוואונדיקטע, רויט,
דאָס מויל און די ליפּן, די ציינער — אלץ שעפּטשעט: נקמה און טויט...

נאָך איינמאָל... און פּלוצים דערשפּירט ער אן אָנשטראָם פון כוחות א סך.
דער טעמפּל מיט גרויל גיט א ציטער און ס'פאלט, ווי א דונער, דער דאך.

און אונטער אים — שונאים, פּלשתים, אומצאָליקע, גרויסע און קליין,
און צווישן זיי שמשון, דער גיבור, באדעקט מיט א ריזיקן שטיין.

# אהאספּער

לויף, אהאספּער־ייד, — פֿון פֿיין און גרויל, דו, ריטער! —
פֿארפֿאָלגט פֿון פֿעלקער־האס, דורך וועגן, דערנער, שטיינער.
נישט שריי, נישט וויין, נישט ברום, נישט גיב מיט ליב קיין ציטער...
די שונאים זענען פֿיל און דו — ביסט בלויז נאָר איינער.

לויף דורך וואלד, דורך סטעפּ, דורך שטורעם און געוויטער,
מיט אויפֿגעשטעכטע האָר, מיט קראמף־וויי אין די ביינער.
דיין ליב, וואָס רינט מיט בלוט פֿון דאָרן־שטאָך און שפּליטער,
וועט קיינער נישט פֿארבינדן, קיינער נישט, נישט קיינער!

ס'איז שרעק, ס'איז גרויל! די נאכט, פֿון בליצן אָנגעצונדן,
איז פֿול, אין יעדן שאָרך, מיט מערדער און פֿאררעטער.
דו פֿאלסט, שטייסט אויף און לויפֿסט. וואו טראָגסטו דיינע וואונדן,
אהאספּער, ברודער מיינער, געיאָגטער פֿון די שפּעטער?

אויך איך לויף מיט דיר. מיט מיינע לידער־טרערן
לעש איך דיינע וואונדן, אז ס'זאָל דיר גרינגער ווערן.

# סיסרא

אייזערנע רייט־וועגן — סיסרא׳ס פארמעג, —
שטייען געוואָפנטע, גרייט צום געיעג.

פערד — מיט די העלדזער, ווי בויגנס געשפאנט,
און קו׳יגער מיט שווערדן און שליידערס אין האנט.

און ס׳קרעכצט און עס יאָמערט פארביטערט כנען
אויף סיסרא, דעם שררה, אויף אלץ, וואָס איז זיין.

און סיסרא איז זיכער, און רואיק, און שטארק.
ער הערשט איבער טאָלן, ער זיצט אויפן בארג.

דער וויין און דער גערשטן, דאָס גוטס אויף דער ערד,
דער ווייץ און די טייטלען — צו אים אלץ געהערט.

פון בינען דער האָניק, די מילך פון די קי,
און ס׳בויגן די קעמלען פאר אים איין די קני.

און ס׳שלאָגן די מענטשן די שטערנס אין דער ערד,
ווען סיסרא באווייזט זיך מיט שטאָלץ אויף זיין פערד.

ווען סיסרא באוויזט זיך — אנטלויפן פון פעלד
די ווייבער און מיידן צו זיך אין געצעלט.

זיי ווארפן די קרוגן מיט וואסער אוועק
און לויפן, ווי אינדן, צעטומלט פון שרעק.

און סיסרא טרייבט לוסטיק דאָס פערד אין גאלאָפּ
און פילט נישט די קללה, וואָס הענגט אויף זיין קאָפּ.

און סיסרא איז פריידיק און גרייט צום געשלעג
און פילט נישט, אז ס'זענען געציילט זיינע טעג.

משה דוד גיסער

# משיח

נישט ביי די טויערן פון רוים צווישן די בעטלערס זיצט ער,
אונדזער ליכטיקער משיח, וואָס איז נישט געקומען ביז איצטער.

ער איז לאַנג שוין אַוועק פון די בעטלער־לייט און צ׳ריק קיין גליל געגאַנגען,
דאָרט, וואו יידישע חלוצים אַקערן די ערד מיט געזאַנגען.

גייט ער אַרום דורך די נעכט צווישן די קבוצהשע גיטער
און זינגט מיט שטילן געזאַנג: עס שלאָפט נישט דער יידישער היטער!

ביים ברעג פון ים בלייבט ער שטיין, די כוואַליעס, זיי רוישן און ברומען,
ווי זיי וואָלטן דורך רעש אים פאַרטרויט, אַז אַ שיף מיט וואַגלער דאַרף קומען.

ער שפּרייט אויס די הענט מיט געבעט צום ים, צום הימל, צום שוואַרצן
און וואַרט אויף די פליטי־ישראל, מיט אַנגסט און מיט פּחד אין האַרצן.

פון אומעטום פילט ער די פיינט, ווי פינצטערע שאָטנס אין לויער,
און איבער אים הענגט, ווי אַ לאַסט, דער אייביקער יידישער טרויער.

דער ווינט, וואָס יאָמערט און קלאָגט מיט ביטערע בשורות, וואָס שניידן,
ער וואַרפט צו די פיס פון משיחן דאָס געשריי פון יידישע ליידן.

ער זאָגט: בויג איין זיך, משיח, צום ים, צום זאלציקן, שווערן.
פארזוך פון זיין וואסער און זע, ער איז פול מיט יידישע טרערן.

ער הערט דאָס געשריי פון זיין פאָלק, עס קאָן עס די וויט נישט פארהוילן;
און ס'קומט, ווי א מאָנונג צו אים פון דייטשלאנד, פון בעמען, פון פוילן:

וואָס שווייגסטו? וואו ביסטו, משיח? אָ, קום אונדז באפרייען, דערלייזן!
און ער איז אליין מיט זיין הארץ אנטקעגן דעם שטורעם, דעם בייזן.

ער בויגט זיך אראָפּ צו דער ערד און קילט אין די טויען זיין שטערן,
אויך זי מיט א בענקשאפט באגערט — באפרייט פון דער וויסטקייט
צו ווערן.

דאן ווענדט ער זיך אָפּ פון דעם ים, וואָס שליידערט זיין לייב, ווי אין פיבער,
צוריק צו די לייוונט-געצעלטן, דורך זומפּן, דורך זאמדן, דורך גריבער.

ארויף אויף א בארג און ער זעט: א קבר, א חלוץ געפאלן...
און פול איז די נאכט מיט געבעט און יאָמער-געוויין פון שאקאלן.

און ער איז אין טרויער, משיח, אליין אויף די גלילער וועגן,
און ווארט אויף זיין פאָלק און ווארט, ווי די טרוקענע ערד אויף א רעגן.

# דער נביא

דורך פעלדזן און היילן פירט צו א פאלאץ,
וואו ס'שלאָפט שוין א נביא פון יאָרן.
עס היטן צוויי לייבן די מארמאָרנע שטיגן,
אז ס'זאָל זיי נישט קיינער באטרעטן.
און ס'הענגען דאָרט אָדלערס שטום אין די הייכן
און היטן די גאָלדענע לייבן.

עס שפייען דאָרט ריזן, ווי בראָנדזענע זיילן,
און קאָנען פון אָרט זיך נישט רירן;
און קארליקלעך צוואנציק, באוואָפנט מיט שפיזן,
היטן פארגליווערט די טירן.

און ס'זיינען דאָרט ביימער אין אייביקער גרינקייט,
און קאָנען נישט וועלקן, נישט בליען;
און שוועלבעלעך יונגע דאָרט הענגען אין לופטן,
פארגליווערט אין מיטן דעם פליען.

און ס'ליגט דאָרט א טייכל, ווי זילבער צעגאָסן,
אין שיים פון א בלומיקן באָרטן —
און אַלץ איז דאָרט אייביק מיט שווייגן פארשלאָסן,
און ס'רירט זיך קיין זאך נישט פון דאָרטן.

און לאנג וועט דאָרט דרימלען און ווארטן דער נביא,
געהיטן פון ריזן און לייבן, —
ביז ס'וועט זיך דאָס פאָלק זיינס, וואָס וואוינט אין די טאָלן,
צום גאָלדענעם פאלאץ דערהייבן.

# צו עקדה

צו עקדה,
ווי א  ו י ד ע ר
וועל איך פירן
מיינע לידער.

קעגן הימל —
פריי און אָפן —
וועל איך בינדן
מיינע סטראָפן.

זאָלן זון און
הימל זעען,
וואָס מיט לידער
וועט געשעען.

ווי עס וועט אין
כאָר פון קלאנגען,
זילבן־פערז
זיין האלדז דערלאנגען.

ווי אויף בעט
פון שארפע שפענער
וועלן שעפטשען
זיסע טענער;

ריטמען צארטע
וועלן פרעגן:
ביסט אונדז מקריב? —
וועמענס-וועגן?

טרוימסט א קרבן —
וואו איז ס'מעסער?
צינד דאָס האָלץ אָן,
וועט זיין בעסער...

הימלס-אויג
אין רינג זאָל גלוטן —
און מיר וועלן
בלוטן... בלוטן...

אויפגיין העל,
אין פלאם, ווי קטורת...
לידער-קרבן
פאר די דורות.

# געזאַנג און געוויין פון יפתחס טאָכטער

פרייד אויף אלע וועגן,
זיג אויף אלע שטעגן!
שוועסטער, טעכטער גלעדס.
קומט מיט מיר אנטקעגן.

יפתח, אונדזער קריגער!
— יפתח, טאַטע ליבער! —
פרייד און ברכה ברענגסטו
אויף ישראלס שטיבער.

בלומען לאָמיר פליקן,
צו די פיס אים וואַרפן!
פירט מיך, פירט צום טאַנצן, —
פויק און קלאַנג פון האַרפן!

איך וועל זיין די ערשטע,
ווירבל-טאַנץ און שטראַלן.
ווי א זאַנג פון שניטער —
פאַר די פיס אים פאַלן.

שיינע גלעדם מעכטער, —
איך וועל גיין צום ערשטן:
טאטע, הויב דיין סערפּ אויף,
שנייד פון זיג דעם גערשטן!

פליען ווייסע טויבן,
פליען אין א טשאטע.
— יפתח, ס׳גייט דיין טאָכטער
דיר אנטקעגן, טאטע!

— גרויס איז ער, מיין פאָטער,
און פון יעדן בעסער.
טויזנטער גיבורים
פאלן פון זיין מעסער.

גוט איז ער, מיין פאָטער,
זיס, ווי זאפט צום גומען, —
לאָמיך אים פארפלעכטן
מיט האָניק-קוש און בלומען.

דורשטיק איז מיין בענקשאפט,
ווי א לאם ביים ברונען;
איצטער האָב איך ווידער,
טאטע , דיך געפונען.

בענטש מיך, נעם מיך ווידער
מיט דיין ליבשאפט צערטלען.
יפתח, טאטע, יפתח!
פאסטוך פון די הערטען!

— ווײ־געשריגן! טרערן...
יפתח רייסט די קליידער...
— ווּעמען אין באשווערן
האָסט געטון א נדר?

— טאטע, יפתח, טאטע!
לעמפערט, אומדערשראָקן!
קנייפ נישט לייב און גלידער,
ריים נישט באָרד און לאָקן!

— זינגט נישט, גלעדם טעכטער!
הארפן, שטומט אין טרויער!
ס׳זינקט פון גרים צעבראָכן
גלעדם פעסטונג־מויער.

ס׳ליגט אין שטויב דער פאנצער.
— ווײ דיר, טאָכטער, ווײ דיר!
קבר, קום, באגראָב מיך,
נעם מיך מיט מיין נדר!...

— טאָכטער, קינד מיינס, אינדין!
וועסט מיך מער נישט פרייען.
ס׳לייב מיינס וועל איך שינדן,
אָכצן כ׳וועל פון ווייען...

— טאָכטער, שאָף, מיין שטילע!
זויינען וועל איך, בענקען,
און אין גרוב אפילו
תמיד דיך געדענקען.

זוארפט אוועק די פויקן,
פידלען זאָלן שטומען!
— טאטע, גיבור, יפתח!
לויב דיר! ביסט געקומען...

איך אליין וועל זינגען,
דיר דעם ווײ פאַריאָגן.
זויין נישט, גיבור יפתח, —
האָסט דעם פיינט געשלאָגן.

אלע בערגער טאנצן,
טאָלן, הויך דערהויבן:
„יפתח הגלעדי״ —
זינגען זיי און לויבן...

— טאטע, יפתח, טאטע!
טאנץ מיט מיר צוזאמען!
עמון האָסט פארטריבן,
האָסט פארטריבן עמון!

וועמען זאָל עס ארן? —
האָסט א לייב דערשלאָגן.
איצטער וועל איך זינגען,
שפעטער, וועל איך קלאָגן!

יפתח הגלעדי!
שטעגן, וועגן, פרייט זיך!
פעלדער, וועלדער, דערפער, —
יומטובדיקע גרייט זיך!

יפתח הגלעדי!
טאָלן, טייכן, ימען,
הימלען הויכע, היגלען, —
טאנצט מיט מיר צוזאמען.

אָ, דעם טאנץ, דעם לעצטן,
לאָמיר איצטער טאנצן,
נאָכדעם באלד פארגעסט מיך,
אייביק שוין, אינגאנצן.

אויף א בארג כ׳וועל זיצן,
אין א הייל פון היילן,
און מיטביימער, גראָזן,
כ׳וועל מיין טרויער טיילן

פויגלען וועלן זינגען,
ביימער וועלן רוישן,
ווינטער... פרילינג... זומער...
הארבסט וועט אלץ פארטוישן.

מיידלעך וועלן קומען,
טרויערן, באוויינען...
זינגט, איר הויכע היגלען,
ציטערט שטיל, איר פליינען.

יפתח הגלעדי!
טאטע, האר, באפרייער!
לייז דיך אויס פון נדר
מיט מיר, וואָס כ׳בין דיר טייער...

# דער בלאָנדער גאָוטש

## אַרגענטינע

ארגענטינע, דו לאַנד מיינס, געחלומטס
מיט שטעט און מיט יידישע פויערן! —
ווי קאָן איך דען שליסן איצט שלום
מיט דעם, וואָס איך מוז דיך באַדויערן?

איך האָב דיך אין לידער געצערטלט,
און דו — האָסט פאַרשטאָפּט דיינע אויערן.
איצט ליגט מיין נשמה צעפּערטלט
ביי דיינע פאַרלאָזענע טויערן.

איצט טראָג איך דיין לאַסט אויף די אַקסלען,
וואָס מאַכט מיין געביין, עס זאָל ציטערן.
ארגענטינע, דו לאַנד מיינס, צעוואַקסנס —
וועסט מיר נישט מיין לעבן פאַרביטערן...

דיין ערד האָט געשפּרייט מיר מיט הארטקייט
א וועג, פול מיט דערנער און שפּליטערן.
דאָך האָב איך פיל לידער פון צאַרטקייט
געטראָגן דורך דיינע געוויטערן.

מיין ליד האָט דאָרט ווייט אין די זאַמדן,
געלייטערט זיין פיין, ווי אין פייערן —
איצט שיק איך „פון יענער זייט" אַנדן,
ארגענטינע, א גרוס דיר, א טייערן!

# דער בלאָנדער גאוטש

זעסט נאָך היינט דעם גאוטש רייטן
אין א פאָנטשאָ, אייף א סאינע,
איבער פאמפאס ווילדע ווייטן;
איבער שטויב און אונטער כמארע,
ווי אמאָל אין אלטע צייטן,
מיט זיין אָרעמער גיטארע.

האָריזאָנטן , ווייט און רונדיק,
וואונדערלעך די פאמפא שפרייט זיך.
נישט אומזיסט האָט ער צעוואונדיקט
זיינע פיס אין ווילדע קזשאקעס, —
איידער זיין א קנעכט, א פונדיק,
יאָגט ער פריי זיך נאָך גוואנאקעס.

העי, ווער דארף די הייזער, תפיסות,
ווען די וועלט איז פריי און פריילעך!
פול די פעלדער מיט פערדיסעס;
אין די פאמפאס — ווילדע שטרויסן;
און די פרייהייט אזוי זיס איז, —
ס'איז זיין היים — דער גאנצער דרויסן.

טיף אין בלוי קאָנדאָר פלאַטערט,
רויט און נאַקעט איז זיין גאָרגל.
קיינמאָל ווערט ער נישט פארמאַטערט;
אין די בלויע רוימען זוכט ער
אוים זיין קרבן, שרייט און קנאַטערט,
אָט דער פויגל, דער פארפלוכטער.

וואָס-זשע וויל ער? וואָס-זשע שרייט ער?
פאָכט די פליגל, ווערט פארשוואונדן.
ביז פון טיפעניש, דער ווייטער,
ווייזט א פינטל, ווערט אלץ גרעסער:
ס'איז א מאָדנער בלאָנדער רייטער,
אָנגעגורט מיט שטריק און מעסער.

ס'איז זיין סאינע מיד פון שפּאַנען.
ווער-זשע איז דער האָריק בלאָנדער?
זיכער איז ער נישט פון דאנען.
כ'וועל זיך פרעגן אים דערוועגן:
— בלאָנדער גאוטש, זאָג, פונוואנען
קומסטו דאָ אויף מיינע וועגן?

שפּרינג אראָפּ פון פערד, דעם מאטן,
לאָז עס בראָדזשען אין די גראָזן.

רו זיך אוים, ס׳׳וועט גאָרנישט שאטן;
כ׳האָב צעברענט, נישט ווייט א פייער.
און דערצייל מיר, ביי א מאטע:
זאָג, ווער ביסטו, פריינט געטרייער?

פאמפא-נאכט. מיט שוידער קאלטן
פאלט די שטילקייט איבער פעלדער.
ביי א סרים-בוים אן אלטן
ברענען צווייגלעך פריילעך, מונטער
און באלייכטן צוויי געשטאלטן
מיט די פלעמלעך, רויט ווי צונטער.

ווילדע, וויסטע ווייטע ערטער,
וואו דער וויסקאטש האָט זיין וואוינונג,
— אָט אזוי געוועזן באשערט מיר, —
רעדט איין שאָטן פול מיט טרויער;
און דער פיין פון זיינע ווערטער
דרינגט אריין אין צווייטנס אויער:

זעסט אין גארטל ס׳מעסער שטעקן?
ס׳האָט קיין בלוט נאָך נישט פארגאָסן,
כאָטש אין אלע וויטסטע עקן
גייט ארום מיין שם מיט לויבן,

און עס קאָן מיין בליק דערשרעקן,
אז מען זאָל אין אלץ אים גלויבן.

ס'איז א טרוי'ריקע מדינה,
ארגענטינעם פרייע פליינען.
מיילן־פעלדער, פלאכטעס גרינע,
ראנטשעס, קינדער — אָפּגעריסן;
און פארגלוסט זיך דיר א טשינא —
שלאָף מיט איר און טייל דעם ביסן.

טרינק דעם ווייַן פון לעדער־לאָגל.
בול־בול, גיס אריין אין גאָרגל.
און פארגעס, אז האָסט געוואָגלט,
לאָז דיין רו מיט גאָרנישט שטערן,
מעג א שטורעם, מעג א האָגל
אלץ אין דרויסן איבערקערן.

בלאָנדע קודלעס, אויגן שארע —
רופט מען מיך דער בלאָנדער גאיטש.
ווען איך שפיל אויף מיין גיטארע,
נעמט זיך אלץ צום טאנץ באוועגן:
בראוואָ, בלאָנדער! מאכט א ווארע!
און א טשינא טאנצט אנטקעגן.

טופּען פּיסלעך, קנאַקן פֿינגער.
טשינאַס, זאָל דער שד אייך נעמען!
מיט אייך אי באַטעמטער, גרינגער
אונדזער אָרעם ביסל לעבן.
פֿאַר איין טשינאַ, העי, איר, זינגער,
וואָלט איך וועלטן אָפּגעגעבן!

כ׳ווייס: איך וועל אַמאָל קראַפּירן,
ווי אַ פֿערד און ס׳וועלן ווערים
אויף מיין ווייסן לייב שפּאַצירן.
וואָס וועט דעמאָלט, גאָטש, ווערן?
גאָרנישט וועט די וועלט פֿאַרלירן,
כ׳דאַרף נישט האָבן קיינעמס טרערן.

ס׳האָט אַמאָל מיך אויסגעשפּיגן
צו אַ ברעג אַ שיף, אַ פֿרעמדע.
אַ סירענע האָט געשריגן,
און אין טומל זון-באַגאָסן.
איז פֿאַר מיר אַ שטאָט געליגן
און אַ ים איז מילד געפֿלאָסן.

איבער מיר, די קעפּ דערהויבן,
וויגן פּאַלמעס מיט די צווייגן,
און מיין האַרץ איז פֿול מיט גלויבן.
און איך טראַכט מיר פֿול מיט האָפֿן:

ווער וועט מײנע טרוימען רויבן,
ווען א וועלט ליגט פריי און אָפן?

ס׳לויכטן יונגע מײנע אויגן,
כאָטש איך האָב מײן לייב פארקויפט שוין;
און אויף פלייצעס אײנגעבויגן
אונטער זעק פון משאות שווערע;
ווי א שד איך בין געפלויגן,
קריגנדיק מײן ערשטע לערע.

איצטער מעג מען מעשיות וועבן,
לידער פון דעם גאוטש רוסאָ.
כא־כא, כא־כא, נאריש לעבן, —
וועמען ליגט עס אין דער פיאטע?
כ׳האָב א נדר מיר געגעבן;
פעלט מיר וויין, איז טרינק איך מאטע.

שלעכט איז נאָר, ווען צו א ישוב
נעמט די סאינא און פארטראָגט מיך.
וואָסער טייוול, וואָסער כישוף?
ס׳הויבט, ווי האמערס, ס׳הארץ אָן שלאָגן.
הייזער שטייען דאָרט מיושב,
ווי זיי וואָלטן צו מיר זאָגן:

ביסט א ייד, דאָ וואוינען ברידער.
וואַרף אַראָפּ די פרעמדע קליידער,
הער אויף זינגען פרעמדע לידער,
נעם זיך צו דעם שפּאַן און אַקער.
שלעפּ דיך נישט אין שטויב א מידער,
ווער א מענטש, ווערט זיין געשמאַקער.

זעסט דורך שויבן שבת-ליכטער
און דערמאָנסט דיך אַלטע זאכן.
אין דער פינצטערניש געדיכטער,
שטילע הייסע טרערן פליסן.
צופאַל זיסער, אומגעריכטער —
שוועך מיט דיר א בונד צו שליסן!

האָסט געהאַט, ווי יעדער איינער,
דיינע נאָנטע, טאַטע, מאַמע, —
ערגעץ פוילן זייערע ביינער.
העי, פאַגראַמען איר אזוינע!
וואָלסט אין צאָרן מיט די ציינער
איצט צעריסן יעדן שונא.

טרייב אוועק די שאָטנס טרויער,
ווער דערדריקט פון צער און צאָרן,
נישט באוויין עס און באַדויער;

אלץ וואָס מאָנט — רייס אוים פון רעיון.
און אויך דו ווער, ווי א מויער,
שטום און טויב, ווען שאָטנס שרייען.

פאלט די בייטש אף דיר, איז ווייי דיר,
בויגסטו איין דעם רוקן — ערגער...
רייס אראָפּ, אָ, יונג, די קליידער —
גיב א קוק אויף דיר צו וויסן,
אז דו האָסט אליין כסדר
זיך פארפייניקט אָן געוויסן.

זאָג, דו ביסט געווען געדולדיק,
ביז דו האָסט דעם סוד דערוואוסט זיך,
אז א קנעכט אליין איז שולדיק,
וואָס מען שמייסט זיין לייב מיט ריטער.
הער, געגוג, בורזשוי, דו בולדאָג!
קום, פארזוך כאָטש אויך א ציטער.

פלוצים, שטייען שיפן, באנען.
ס׳שפייט מיט רויך נישט מער קיין קוימען.
ווער וואָלט גלויבן, ווער וואָלט אנען?
פלאטערט פאָנען רויט אין וועטער!
טויט און נידער די טיראנען! —
ווינטלט פריידיק פאלמען-בלעטער.

ס׳זינגט די פרייד אין מיינע גלידער.
אויסגעוואקסן, אויפגעשטיגן
פון דער טיפסטער טיפער נידער
איז א יונגער מענטש, א נייער,
וואו ער קומט, דאָרט צינדט ער ווידער
אָן אין הערצער פלאם און פייער.

זעסט, אָט שפּאנען זיי די שקלאַפן,
מחנות, מחנות קעפּ און אקסלען.
מענער פינצטערע, פון האפן,
פון די ווערקשטעטלעך, שלאָסער, שמידער.
אלע די וואָס בויען, שאַפן,
גרייט צום קאמף, ווי גלייכע ברידער.

ערגעץ איף א סקווער, א ברייטן,
שטייט מיט שטאָלץ די געטין פרייהייט.
הענט געצירטע, פריי פון קייטן,
און צופוסנס איר — עס שטייען
זעלנער-רייטער מיט טראָמפּייטן
און מיט שווערדן, פולע רייען.

פלוצים — א געשאַל. סיגנאלן,
ס׳גיט די לופט מיט גרויל א ציטער.
רייטער יאָגן, ביקסן קנאלן —

אין די הערצער פון די מאסן.
מענטשן שטייען אויף און פאלן
און מיט טויטע פול די גאסן.

יענע ווילדע טעג, קאַשמאַרן, —
אייביק וועל איך זיי געדענקען.
יענע שעהן פון געפאַרן,
און צום לעצט דעם כּוח, דעם הארבן.
נאָך א מאָל אויף דעם דערהאַרן, —
גלייכער, בעסער שטאַרבן, שטאַרבן...

צייכנס, שניטן. קאַרבן, וואונדן, —
אנדערש נישט, אז כ'בין פון אייזן.
שטיקערווייז פון מיר געשונדן
האָט מען ס'לייב; פאַרברענט ס'זאָל ווערן!
מיך מיט הענט און פיס געבונדן,
און די אויגן — צוויי לאַמטערן.

אזא טייוולישקייט, אנטציקן, —
זעלנער, פּאָליציי-לייט, מערדער,
הענט וואָס ממיתן און שטיקן;
ס'קאָן דער מענטש אראָפּ פון זינען...

כ׳פרעג: ווי האָט געזאָלט זיך שיקן,
אז איך בין פון טויט אנטרונען?!

זאָג, צי איז נישט שווייגן בעסער?
פרואוו נישט פריינט, א וואונד, אן אלטע,
מיט א שארפן שפיץ פון מעסער
אָנצורירן, ס׳וועט דיר ווי טאָן.
און די וואונד וועט ווערן גרעסער,
אזש פאר שרעק דו וועסט א שריי טאָן.

ס׳פייער ברענט. די פלעמלעך טאנצן.
ס׳וואסער קאָכט. געננג גערעדט שוין.
אָפגעעקט מיט אלץ אינגאנצן.
פונעם טשייניק זעצט א פארע.
לאָמיר מיט א ליד א גלאנץ טאָן
און א פרואוו טאָן די גיטארע.

זינג, דו גאוטש, ווילדע חיה!
רייט, צום טייוול, וואו דו ווילסט נאָר.
האָסט א סאינע, א געטרייע, —
גיב א פייף אויף אלע זאָרגן.
ס׳לעבן האָט נאָך מעשיות נייע,
און א העלן, שיינעם מאָרגן.

# דער מענטש

דער האמער פאלט מיט קראפט אויף טראַציק-הארטן אייזן,
די האנט — זי שווינגט דעם האמער און וויל נישט ווערן מיד.
דער מענטש וויל איבער אלץ זיין איבערקראפט באווייזן,
דער מענטש, וואָס האָט א ווילן, א האמער און א ליד.

אים דינט געטריי דאָס פייער און מאכטלאָז מוז זיך בויגן
די אומבאשרענקטע הארטקייט פון יעדער שטארקער קראפט.
ער שטעכט אדורך די וייטקייט מיט בליץ פון זיינע אויגן
דער מענטש, וואָס האָט א ווילן, דער מענטש, וואָס בויט און שאפט.

און טיפן ברעכט ער דורך די פינצטערסטע טונעלן,
אויף בערגער קלעטערט ער צו ליכטיקייט און שיין —
דער מענטש, וואָס קענען אים קאָן קיינער זיך נישט שטעלן,
דער מענטש פון בלוט און מארך, וואָס וויל קיין קנעכט נישט זיין.

# מארטירער

פון א הויכן קלויסטער-טורעם
האָט א גלאָק געקלונגען שווער,
און געענטפערט האָט די שטאָט
מיט א טומלדיק גערויש.
דורך די גאסן ס'לעבן זידט,
וואָגנס לויפן הין און הער,
נאָר דער האַרטער גלאָקן-קלאנג
אַרט נישט קיינעמענס געהער...

קיינער פרעגט נישט: וואָס און ווען
האָט צעקלונגען זיך א גלאָק?
ס'קריכט די זון מיט פולן ברען
איבער יעדן טראָטואַר.
ערגעץ שפייען קוימענס רויך,
און א הויז פון פופצן שטאָק
רייצט זיך רוּיבעריש מיט ליכט,
ווי מיט קנעכט — א בייזער האַר.

קנוילן קוימענס רויך געזיכט,
ווערן קיינמאָל גאָר נישט מיד.
ערגעץ הינטער שווערע ווענט
זינגט א מענטש זיין שוואנען-ליד.

ערגעץ הינטער גראטעס וואו —
דאָרט, וואו טויערן שטייען צו,
ווארט א מענטש שוין שעהן לאנג
אויף זיין סוף אן אונטערגאנג.

גייט דער מאן מיט שווערן שפאן,
קלינגען קייטן אויף די פיס,
פאר דער פרייהייט זינגט דער מאן —
איז צו שטארבן שטענדיק זיס!

ערגעץ שטייט א תליה גרייט
מיט צעוויגטע גראָבע שטריק,
און א בייזער תליון שטייט
פאר דער תליה אָנגעגרייט...

עך, איר נארן, זינגט דער מאן,
ס'איז קיין טויט גאָר נישט פאראן,
ברענגט איר איינעם מיך צום טויט,
זידט מיין בלוט נאָך אלץ און זידט...

אינעם טויט און אינעם פּיין
הויב איך ווידער אָן צו זיין.

ערגעץ שוין צום לעצטן מאָל
וואַרט די זון מיט ליכט אויף מיר;
מיינע קייטן וואַרטן אויך
מיט משוגענעם פּאָליר.
נאָר די אויגן לייכטן קלאָר,
ווייסן אַלץ, אַז ס׳איז נישט וואָר.

נישט מיין בלוט פאַרגליווערט ווערט,
ווען עס פליסט אויף האַרטער ערד.
נישט מיין האַרץ פון טרויער ווייסט
פאַר דעם אָנגעזיכט פון טרויער,
ווי א וואונדער שלאָגט מיין גייסט
זיך א דורך דורך וואַנט און מויער.

שעהן רוקן אָן די צייט,
היטערס וואַרטן ביי דער זייט,
האַלב פאַרגליווערט, האַלב מיט גרויל
און די רגעס קריכן פויל.

העי, דו מאַן, ווי פעלזן האַרט!
מאַטערט דיך נישט קיין פאַרדרוס,

ווען דער גורל אויף דיר ווארט
מיט זיין פינצטערן באשלום?
וואָסער הארץ
ביי דיר, א הארטס,
נישט עס ציטערט, נישט עס פילט
פאר דעם אָנגעזיכט פון סוף,
ווען דיין לעבן איז פארשפילט?

דיינע קייטן וועקן אויף
אָנזאָג אויף דער לעצטער שעה,
דו גייסט שטארבן אין א טאָג,
ווען די הימלען זיינען בלאָ.

און די ווינקלען פון דער צעל
שפינען שפינגעוועבס.
אין דער טיפעניש פון זעל
יונג און שטארק דער גלויבן לעבט.

עך, ווער טראכט דען גאָר פון סוף,
ווען א נייער אָנהויב ווערט
אָנגעלאָדן פול מיט שטאָף
און פון שטילער קראפט גענערט?!

העי, די תליה שטייט שוין גרייט
מיט צעוויגטע גראָבע שטריק!

און דער תליון שטום, אָן רייד,
ווארט שוין אויך מיט גלאָז אין בליק.

זאָג, וואָס וועקסטו, קייטן־קלאנג,
אין דער טונקל פון דיין צעל?
ווייגסטו גאָר נישט ביים געדאנק,
אז דער טויט קומט צו דיין שוועל?

איצטער צייל די רגעס, צייל,
וואָס פארזינגסטו זיך מיט רייד,
ס׳ווארט די ערד שוין אויף איר טייל,
ס׳פינצטער מויל צעעפנט ברייט.

שטיל. ווער קלאפט עס דורך די ווענט
פון דעם טויבן קרימינאל,
וואו געשמידט איז קראפט פון הענט
און עס קומט נישט צו קיין שטראל?

ברידער קלאפן דאָרט און דאָ
אויס די בשורה זיך דורך ווענט,
איידער ס׳קומט די לעצטע שעה,
ווען א לעבן ווערט פארלענדט.

אומעטום דאָס זעלבע ליד,
שמעטערט אָן א מינדסטער שרעק.

אומגעצוימט און אומגעשמידט,
טראָגט עס פריי דער ווינט אוועק.

קומט עס צו דער תליה שטרענג,
ציטערן דעם תליונס הענט.
שוידערט ס׳לייב זיינס א מינוט,
ביי דעם רעש פון שווערע טריט,
ווען פון זעלנער־רינג באגלייט,
קומט דער קרבן אָן מיט שטאָלץ
צו דער תליה, וועלכע שטייט
אויפגעשטעלט פון פרישן האָלץ.

— שטום, פארגלייווערט, ערנסט, האַרך,
וואָס באפוילן האָט ס׳געריכט:
דיין פארדינטע שטראָף; איז טויט,
האָסט פארזינדיקט גאָט און לאנד,
איצטער קומט דיר ס׳לעצטע וואָרט
אין דער אנגסטלעכער מינוט,
ווען דו זעסט נאָך ס׳לעצטע ליכט
און דו שטארבסט א טויט פון שאנד...״

— איצטער קומט מיר כ׳לעצטע וואָרט:
פאר דעם אָנגעזיכט פון שיין,

אומעטום אויף יעדן אָרט,
וועל איך שטענדיק אייביק זיין.

איידער נאָך די ערד פארשלינגט
ס׳לעבן מיינס און מיין געזאנג,
זאָג איך אָן צום לעצטן מאָל,
אייך דעם סוף פון אונטערגאנג!

# אין אויפברויז

## מיין הארץ

האסט קיינמאל נישט, מיין הארץ, דערמאנט ביי דיר אין ליד,
דעם נאמען דיינעם — ייד...

צי האסטו נישט געהערט פון דורות דאס געזאנג:
— מיין זון, דיין פאלק איז קראנק!...

דיין פאלק איז שטערבלעך קראנק, פון בענקעניש פארצערט,
אין טרוים נאך היים און ערד.

און דו, פארכישופטער פון לידער, האלטסט אז שאנד —
די פעדער איז דער האנט.

צי הערסטו נישט, ווי ברודער־לייב פון פיינט געשענדעט, שרייט
אין אומרו פון דער צייט?

ווי ס'פלאקערן אויף שייטער־פלאם ביי יעדן וועג און שליאך,
די שמות פון הגדה?

מיט בלוט איז פול די וועלט, אין פיין, דאס פנים גליט,
און דו, מיין הארץ, וואו איז דיין ליד?..

# אין אויפברויז

כ׳וועל אָנהויבן היינט מיינע לידער
אין אויפברויז פון צאָרן און צער,
ווען מען טרייבט מיט א בייטש מיינע ברידער
אינעם טאָג פונעם פינצטערן גזר.

כ׳וויל קיין רו נישט פאר לייב און פאר גלידער, —
ווי קאָן איך דען רואיק זיין איצט,
ווען ס׳ווארפט מיך א דונער אנידער
און פחד מיט זיג-זאגן בליצט?

אָ, ברידער, געטרייע אין צאָרן,
געפייניקט, געיאָגט און פארפאָלגט!
וואָס איז פון דיר איצטער געוואָרן,
מיין אָרים, מיין אומגליקלעך פאָלק!

א פייער באגלייט מיך מיט צינגער
פון בראנדיקן אויטאָ-דע-פע,
אז ווי איז מיר, יידישער זינגער,
וואָס מיין וואָרט איז א ליד און נישט מער...

מיין פאָלק האָט קיין צייט נישט צו הערן
קיין טרייסטיקן לידער-געזאנג.
און וואָס וועט אליין פון מיר ווערן?
— כ׳וועל מיטגיין מיט אים אין זיין גאנג...

# זעאונג

א ווינט האָט אָנגענומען מיך פאַר מיינע האָר
און וויים, מיך ווייט פארטראָגן אויף צ׳ריק מיט דורות-יאָר.

געברענגט מיך צו א טייך-ברעג, געלאָזט מיך דאָרט אליין,
און דער טייך געהייסן האָט: — דער בלויער ריין.

איך בין מיט שטילן ציטער געשטאנען ביי דעם ברעג,
און כ׳האָב אין טייך געזען מיין פּנים פול מיט שרעק.

איך האָב געשטוינט פון זעאונג, דער ווינט האָט מיך געגלעט.
און ס׳האָט דאָס שטילע וואסער צו מיר אזוי גערעדט:

— דאָ האָט מען דיינע ברידער אמאָל שוין אין א נאכט
געשאָכטן מיט חלפים. און ס׳וואסער רויט געמאכט.

איך האָב דערזען אין פלאמען די ווייטע יידן-שטעט,
און ס׳איז מיין הארץ צעגאנגען פון רחמים און געבעט.

דער טייך האָט מילד געוויגט זיך, געפּליעסקעט ביי מיין טראָט,
און איך בין ווי געשטאנען ביים שוועל פון עשאפאָט.

ארום מיר — פייכטע שטילקייט און שווייגנדיקער טאָל
און אין דער לופטן גרוילן די מעשיות פון אמאָל.

# פאָלק, מיין פאָלק

אָ, פאָלק, מיין פאָלק! צי וואָס זאָל איך דיר שווערן,
אז דיר וויל איך געטריי זיין אין אלע דיינע גאנגען?
אז דיר נאָר זאָל מיין ליד, מיט הארץ און בלוט געהערן,
צי בין איך נישט, ווי דו, פון שונאס האנט געפאנגען?

צי שריי איך נישט פון וויי, ווען ה׳ערסט פון פיינט געשלאָגן?
צי קנייפּ איך נישט מיין לייב, ווען כ׳מוז פון וויטיק שטומען?
מיט וואָס זאָל איך דיך טרייסטן, וואָס זאָל איך פאָלק, דיר זאָגן?
אז כ׳וויים אליין נישט אויך פון וואו מיין הילף וועט קומען.

כ׳האָב פויסטן צוויי פארקלעמטע, מיין הארץ — איין קנויל פון צאָרן.
כ׳וועל אונטערטעניק, שטום, פארמיידן קריץ פון ציינער,
און ווי א נזיר שעפּטשען צו יעדן שטיין און דאָרן:
קום, זיי מיר א געלעגער פאר מיינע מידע ביינער.

מיך יאָגט, ווי דיך, דער שונא, איך וועך פארברענט פון פיבער.
ווי דו, מיין פאָלק, צום הימל שריי איך אין יסורים:
וואו ביסטו קנוא ונוקם! דו אלטער גאָט, מיין ליבער?
וואָס קומסטו אונדז נישט העלפן, מיט פייער-ווינט און שטורעם?

אָ, פאָלק, מיין פאָלק, געפּייניקטס! וואָס קאָן איך מער באַווייזן,
חוץ זינגען פון דיין טרויער? מיט לידער, שטיקער לונגען
די מחנות דיינע נאָכגיין אויף וועגן, וואו זיי שפּרייזן,
און זאָל דער גאנג זיי גרינג זיין, וואָס כ׳האָב מיט הארץ באַזונגען.

# אין א יידישער שיל

אין א יידישער שיל, אין דער אלטער שטאָט ווין.
פיר מיך, מיין צערפּולע וויזיע, אהין.

דאָרט שפּאנען אויף חורבות, מיט וואונדיקן טראָט,
און ווייטיקן שטום פארן שאָטן פון גאָט.

און וואנזיניק פאלן מיט מויל צו דער ערד
און קושן די שטיינער, וואָס זיינען צעשטערט...

אָ, שיל-ווענט, איר אלטע! כ׳וועל שעפּטשען אזוי:
ס׳האָט ווידער צעשטערט אייך די האנט פון דעם גוי.

און איך בין געקומען נאָך אלעם, נאָך אלץ,
זיך שטיקן מיט ביטערע טרערן אין האלדז.

א קוק טון, נישט מערער, א זיפץ און אן אָך,
און טויט-שטיל באקלאָגן דעם פינצטערן בראָך.

און פיבערדיק גלעטן פון שטיין א פיליאר,
צו פילן אויף דלאָניעס די שטומקייט פון צער.

די בושה און חרפה פון מענטשלעכן מין,
אין א יידישער שיל, אין דער אלטער שטאָט ווין.

# ברען, ברען דייטשלאנד!

וועער האָט אויסגעברענט אין הימל רויטע וואונדן?
דאָס האָבן מעסער-לייט די שילן אָנגעצונדן.
ברען, ברען, דייטשלאנד!...

דאָס האָבן האָרדעס, ווילד, מיט העק און אייזן-שטאנגען
די שויבן אויסגעהאקט מיט שיכורע געזאנגען.
ברען, ברען, דייטשלאנד!...

דאס האָבן מענטשן-וועלף, מיט אויגן, ווי פון קין,
געהרגעט און געטאנצט אין טומל פון געשרייען,
ברען, ברען, דייטשלאנד!...

דאָס האָבן פלאם און רויך געקנוילט זיך צו די שטערן
מיט אות פון פארמעטן, מיט זאָט פון בלוט און טרערן,
ברען, ברען, דייטשלאנד!...

דאָס האָט די גאנצע וועלט אין גרויל גענומען ברומען:
אָ, דייטשלאנד פינצטערע! עס וועט דיין סוף אויך קומען!
ברען, ברען, דייטשלאנד!...

# צווישן שטילע ווערבעס

א טייך מיט שטילע ווערבעס.
אין שאָטן אויף דער ערד,
ליגט א יונגער זעלנער,
געזאָטלט שטייט דאָס פערד.

עס לאשטשען שטיל די צווייגן
די כוואליעס פונעם טייך,
דער זעלנער האלט ביים שטארבן,
דאָס פנים — גרין און בלייך.

ער הערט די ווערבעס רוישן,
די כוואליעס פליעסקען קוים.
ער הערט די פויגלען זינגען
נאָר ס'דוכט זיך, ווי אין טרוים.

עס פאלט דורך גרינע צווייגן
א גאָלדן-ראָזיק ליכט —
באשטראלט זיין גרין געלעגער.
באשיינט זיין בלייך געזיכט.

אין די טיפע גראָזן,
אויף דער ווייכער ערד
ליגט ער שטיל און גוססט,
און ס'רירט זיך נישט דאָס פערד.

# וואַרשע

שוואַרצער שבייסצונאַכטס אויף וואַרשע.
גאַסן יידישע פאַרמויערט.
איבער דזשעלנע, קאַרמעליצקע,
שוועבט די שכינה, וויינט און טרויערט.

נאָך דעם טאָג פון כלו שבת
טראָגט אַ יאָמער זיך פון שטיבער;
דאָ און דאָרט איז אויסגעגאַנגען
ווער פון הונגער, ווער פון פיבער.

און די שכינה פלאַטערט, ציטערט,
וואַרקעט, וויינט — אַז ווײַ און ווינד איר! —
אויף די חורבות פון טלאָמאַצקע,
אין דער נאַכט, דער שוואַרצער, בלינדער.

נישט קיין שאָטן וועט איר נאַרן,
אויסבאַהאַלטן, צער פאַרהוילן.

פון די שול-ווענט שטיינער שפּאַלטן
שרייט צו גאָט גאַנץ יידיש פּוילן.

שטיינער ביטערן אין שטילקייט:
איז קיין זכות פאר זיי נישטאָ מער?
אויף דעם חורבן פון ישראל,
יידיש אומגליק, וויין און יאָמער!

פּלוצים — טראָט, געברום און שוידער,
אויף דעם ברוק, ווי האמערס שמידן
זעלנער-זוילן, מערדער-ריטם:
העפּ און העפּ, א טויט די יידן!

העל צערייסן זיך די וואָלקנס
איבער ווארשעס שיפּע דעכער,
און די שכינה שטיל פארשטעלט זיך
מיט איר וויכן פליגל-פעכער.

ביי די שאָטנס בעט זי רחמים:
אויסגעלאָשן זאָל זי ווערן,
איידער זען דעם שונאס שפּיזן
בלישטשענדיק אין שיין פון שטערן!

העפּ און העפּ! דער חלל גליווערט,
זעלנער־טראָט ווערט טויט, צערינען...
און די פינצטערניש נעמט ווידער
אין די שאָטנס סודות שפּינען.

שכינה העלט... אויף וואנט, אָט זעט זי,
שארט זיך, שוועבט, א שאָטן גרינגער
און א האנט „נ י צ ח ו ן” צייכנט
מיטן בלוט פון אירע פינגער.

# טאנצן

העכער, הויך געזונגען: היפּיי, האָפּיי, טאנצט! —
צום באפעל פון שונא, ווען זיין מעסער גלאנצט.

אין געפלעכט פון רעדער, דרייט אייך ווילד און יאָגט,
און נישט ברומט פון ווייטיק, ווען דער שונא שלאָגט.

זעט: ווי בייטשן, כוואָשטשען, רייסן שטיקער לייב,
פון די טענצער, נאקעטע, קינדער, מאן און ווייב!..

ניין, נישטאָ קיין רחמים, נישט קיין דין און שטראָף,
ווען מיט בלוטדורשט שטייען וועלף אנטקעגן שאָף!

רויטע פאקלען ברענען, טאנצן אינעם ווינט,
און דאָס בלוט פון יידן פון די מעסערם רינט...

שווינדלדיקער, גיכער דרייט אייך אינעם ראָד!
ווי איז די, וואָס בעטן ביי דעם פיינט גענאָד.

אַט אזוי באפעלט ער פּליעסקען מיט די הענט; —
ווען אין פייער־פלאמען שול און תורה ברענט.

וואו איז גאָט? רחמנות!... ניין, נישט רופט צו גאָט!
ווען דער פיינד, דער מערדער קוועלט פון פרייד און שפּאָט.

טאנצן! — שרייט ער — טאנצן!... ווי צו אים און קלאָג,
אז אויף אים וועט קומען אויך זיין שווארצער טאָג!...

# דער מאן וואָס צינדט אָן פייערן...

דער מאן, וואָס צינדט אָן פייערן,
דער מאן איז מער נישטאָ.
און נישט זיין שפאן מאכט ציטערן
די ערב אָוונט־שעה.

ער קומט נישט מער אָן זינגענדיק —
און, וואו נאָר א לאמטער,
וויגט זי זיך אין פינצטערניש
און ווארט אויף אים נישט מער.

דער מאן, וואָס צינדט אָן פייערן,
ער ברענגט נישט מער ס׳געשאנק,
די בשורה פון זיין ליכטיקייט
אין אויפשיין פון געזאנג.

אין שאָטנס שוים פארהוילנקייט
א גאז־לאָמפ, אינעם ווינט,
ווינט זיך בלויז אין עלנטקייט
און וויינט אויף אים אצינד.

און ס׳קרעכצט אויף קופּעם חרובע
די נאכט — א בלינדע קראָ —
דער מאן, וואָס צינדט אָן פייערן
נישטאָ... נישטאָ... נישטאָ.

# מיר, וואנדערער-ציגיינער

מיר זיינען וואנדערער, ציגיינער,
מיט אומרו אין געמיט.
דעם וואָגל-גייסט געירשנט
האָבן מיר
שוין דורות לאנג.
מיר זיינען קראנק פון וואנדערן
און פול מיט שרעק —
פאר אונטערגאנג.

די וועלט איז פול מיט אונדז,
און מיר — מיר מאכן פול די וועלט
מיט אונדזער אומרו-גייסט,
מיט אונדזער אימהדיק געברום
פאר איסטערלישן גרויל,
וואָס רינגלט אונדז —
ארום,
ארום...

עס איז די ערד פאר אלעמען.
די וועלט איז גרוים און ברייט —
פאר וועמען ס'איז א גליק,

פאר וועמען ס׳איז א פרייד.
גאָר מיר — מיר וואנדערן,
דעם שטעקן אין דער האנט, —
מיר האָבן נישט קיין היים,
מיר האָבן נישט קיין לאנד!

אין אונדזער בלוט איז אומרו דאָ.
מיר ווייסן עס:
מיר מאכן נישט דערפון קיין סוד.
מיר טראָגן אויפשטאנדן מיט זיך.
ס׳איז וואָר —
מיר קרייציקן א יעדן פאלשן גאָט. —
און אונדז פארפייניקט מען;
אויף יעדער תליה הענגט
א ברודער אונדזערער
מיט אָפּגעהאקטע הענט.

מיר זיינען וואנדערער (צי יאָ, צי נישט באשערט)
און ס׳בלוטיקט אומעטום אונטער אונדז די ערד,
און הימלען פלאקערן איבער אונדז מיט בראנד,
יאָר-צענדליקער,
יאָר-הונדערטער
און דורות נאָכאנאנד.

# ירמיהו

צווישן די ווארשעווער חורבות, וואָס שטארצן צום הימל מיט שווידער,
זיצט ווידער דער איינזאמער נביא און קלאָגט אויף דעם חורבן ישראל.

זיין צונג איז פארטריקנט צום גומען, זיין פּנים פון גרויל איז צעשניטן,
און זוכט מיט צעהונגערטע אויגן אן איינציקן ייד, כאָטש צו טרייסטן.

דער הימל הענגט בלוי, א צעשפרייטער, און ער, ווי א שאָטן, א שטומער
מאָנט טראָציק ביי גאָט: אל נקמות! אָ, ענטפער אויף צער און אויף חורבן!

ווי איז עס דאָס וואָרט, וואָס זאָל טרייסטן? נישטאָ אזא וואָרט אויף די ליפּן...
אָ, חורבות, איר שטיינערנע עדות, קומט טרייסטן אן איינזאמען נביא!

ברענגט אש פון פארשרפהטע יידן, איר ווינטלעך, זיין קאָפּ צו באשיטן.
קומט וואָלקנס, מיט לאַגלען פון טרערן און שלוכצט אויף די שטיינער
זיין טרויער!

די נאכט אין איר פינצטערן אומגליק, וויל שטום זיך איז שאָטנס פארהילן,
נאָר אים ווערט די שטילקייט נישט טרייסטן, דער טאָג וועט אים ווידער
געבוירן.

ביז ס׳וועט זיך אפיר פון די חורבות באווייזן א ייד דורך א וואונדער,
דאן וועט ער פון שטויב זיך באפרייען און טרייסטנדיק גיין אים אנטקעגן.

און זינגען מיט גוטסקייט און ציטער אויף שטויב פון דעם חרובן תוהו
דאָס ליד פון ישראלס דערלייזונג, דאָס ליד פון טרוים און ביטחון:
נ ח מ ו, נ ח מ ו, ע מ י ! . . .

# צום יונגן יידן

דורך וועג פון צער און פיין, צו דיר, דעם יונגן יידן,
מיין וואָרט, דאָס בלוטיקע, פון הארץ ארויסגעריסן.
דו ווערסט נישט רוען מער, כ׳וועל שטערן דיר דעם פרידן
אין לאנד פון טאָל און בערג, וואו זיסע טייכן פליסן.

איך קום צו דיר מיט רייד, ווי גליענדיקע קוילן.
מיט הענט, וואָס ציטערן, אין גרייטקייט, אויף נקמה.
הער אויס! דורך מיר, מיט מיר, דיין פּאָלקס געשריי פון פּוילן;
אַז וויי-געשריגן, וויי, ווי מ׳ציטערט מיין נשמה!

דו ביסט אוועק פון זיך, דער רייץ פון פרעמדע שלעסער
האָט זיס באַצויבערט דיך, מיט כישופן געצויגן.
איצט שטרעקט זיך קעגן דיר דער שאַרף פון שונאס מעסער
און דו האלטסט צוגעמאכטע אין זיסן טרוים די אויגן.

איך וויל נישט זיין אליין,—א בוים מיט צווייגן-צוווייגלען,
אַן איינזאמער אין פעלד, מיט פוסטע, לערע נעסטן.
און יאָמערן, ווי ער, ווייל אלע זיינע פייגלען
זיינען זיך צעפלויגן, פון קלענסטן ביזן גרעסטן.

איך פיל די נאכט אויף מיר! ווי ווינט, מיט ציש פון שלאנגען,
האָט וואָלקנס דורכגעשנירט מיט בליצן, קרייצן-האָקן.
שטרעק אוים דיין יונגע האנט! כ׳וועל מיינע דיר דערלאנגען
און קום מיט מיר אין שפאן, צום שייטער, אומדערשראָקן.

דער פיינט, ער קייכט פון האם מיט זיינע גאזן-סמען.
ביט טויט זיין אָטעם גליט, ער ווערט אין פלוך דערוואָרגן.
פון שייטער איבער שייטער, אָ, קום מיט מיר צוזאמען,
דורך פיין, דורך בלוט און צער, צום לאנד פון שיינעם מאָרגן!

# די מוטער

(פּ אָ ע מ ע)

געווידמעט דער העלדין פון דער פּאעמע, מיין פרוי, ל י ו ב ע ז

# די מוטער

א חושך, א כמארע, א שניי־זאווערוכע.
אָן וועגן,
אָן שטעגן —
אינמיטן די בערג.
אויף אייזעלעך מידע — א קליינע מישפּחה
בלאָנדזשעט אין שטורעם —
ווי איר איז באשערט...

די מאמע פון הינטן —
פון פאָרנט — דריי קינדער;
א קינד און אן אייזל, א גליטש און א טראָט.
עס פייפן די ווינטן —
דער וועג איז א בלינדער,
פארשאָטן די צייכנס, אָ גאָטעניו, גאָט!

עס שרייען די אייזלען,
פון אָרט נישט צו טרייבן.
די שנייען זיך קרייזלען
אין שווינדל־געדריי.

אז ווי איז די מענטשן, וואָס וועלן דאָ בלייבן,
זיי וועלן דאָ ווערן באגראָבן אין שניי.

א קינד זיך צעיאָמערט און ס'ווייזט זיך א טרייבער,
פארוויקלט אין טראנטעס, א שטעקן אין האנט.
ער שעלט די חמורים: — א בראנד אין די לייבער!...
— העי, מולא!
העי, מולא! —
נו, גיכער געשפאנט!...

פארהילט אין די פאָנטשעס, די מוטער, די יונגע,
זי זיצט אינעם זאָטל, דאָס פנים, ווי קרייד.
פארבייסט מיט די ליפּן און ברעכט אזש די פינגער,
ווען ס'עפנט דאָס אייזל, איר מויל, און עס שרייט.

א חיה, א שטומע, דאָך פילט און דערשפירט זי
דעם טויט און דעם פחד, און עקשנט זיך איין;
אומזיסט אייער שלאָגן! — פון אָרט נישט עס רירט זי,
זי וואַרפט זיך אין שניי אום, זאָל זיין, וואָס וועט זיין.

II

א סוד אין די „אנדן" איז תמיד דאָס וועטער.
אָט שיינט אליץ, ווי זומער, דער הימל איז בלוי.
און פלוצים, א שטורעם. דער ווינט, דער פארדעטער,
טראָגט אָן זיך אויף וואָלקנס מיט רעש און געוואוי.

עס נעמען זיך שיטן די שנייען-לאווינען
און ווי איז דעם מענטשנס אומגליקלעך געביין.
נישט איינער דעם טויט וועט אין אָפּגרונט געפינען.
דערווייל איז איין אויסוועג, נאָר גיין און נאָר גיין.

אַלץ העכער און העכער, ביים ראנד פון די תהומען.
און טיף אינעם אָפּגרונט שאַרוועט — א טייך.
דורך פעלדזן און לעכער, עס קראַכן די שטראָמען
און ווערן אין אָפּגרונט צעשמעטערטע גלייך.

דער שוים פונעם וואסער צעשפּריצט און צעזינגט זיך
און ס'שלאָגן די הערצער, ווי האמערס אויף בליי.
איין גליטש פונעם אייזל און ס'וואסער פארשלינגט דיך.
אין חושך צעטראָגט זיך דער מוטערס געשריי...

א קינד איז פון אייזל געפאלן ארונטער.
„ס'איז גאָרנישט". דער טרייבער דעם אייזל יאָגט אָן.
דעם יינגלס געלעכטער צעקאָליערט זיך מונטער:
ניין, מאמעלע, כ'האָב מיר קיין שלעכטס נישט געטאָן!

און ס'קומט אָן א שניי בארג, וואָס פינצטער פארהילט זיך,
טריט-טראָט אויפן שניי-וועג. טריט-טראָט אין דער נאכט.
מיט פינצטערע גרוילן דער דמיון צעשפּילט זיך,
און שטום רייט די מוטער, די אויגן פארמאכט.

ס׳קאָן זיין, אז דאָס שלאָפט זי, ס׳קאָן זיין, אז אין דרימל
דערזעט זי אין חלום, איר היים און איר מאַן.
א טאָל, א צעבליטן, א ליכטיקער הימל,
און גאָרנישט קיין גלייכן צו איר איז פאראַן.

אָט פילט זי זיין אָטעם, א דרוק פון זיין אָרעם,
דאָס טרוימען אין דרימל פארשיכורט זי זיס,
און זעט נישט אין חלום, די פינצטערע קברים,
וואָס לעכצן מיט גלוסטונג ביי בערגישע פיס.

ס׳קאָן זיין, אז זי ווייסט נישט: ווי שווער און ווי שרעקלעך
אליין זיך געטרויען, אויף אייגן באראָט.
די בערג דורכצושניידן מיט קינדערלעך, ברעקלעך,
צי אפשר איז ס׳לעבן איר גאָרנישט קיין שאָד?

נאָר ס׳שלאָפט נישט די מאמע און וואך איז זי זיכער.
דער צאפל אין זאָטל פארראט איר געמיט.
פיל שטארקער אין הארצן ביי איר איז דער וויכער,
ווי דער, וואָס ער יאָגט זי מיט שניי־אייז און ברים.

איר אויג זיך צעעפנט מיט מילדקייט און ציטער
און היט אָפּ די שאָטנס פון יעדערן קינד.
און רייטנדיק הערט זי א פישטש אין געוויטער,
וואָס ברענגט פון איר קליינוואַרג צוטראָגן דער ווינט.

III

זוי שרעקלעך, ווי פּיינלעך, אַ צופאַל, אַ מינדסטער
קאָן נעמען אַ מענטשן, אַ שוואַכן אויף פּרואוו,
דעם טויט אים באַווייזן און טיף אין דער פינצטער
מיט אנגסט און מיט שוידער באַדעקן זיין גוף.

צי האָט דען די זון נישט געשיינט, ווי אין זומער?
צי האָבן דען קוואַלן מיט פרייד נישט געדרוישט?
אָ, גורל, דו בלינדער! מכשף, דו שטומער!
נישט איינמאָל שוין האָסטו אַ מענטשן אנטוישט.

אַמ פּליט ער אויף פליגל, אַ פויגל, אַ גרינגער,
און שוין האָט דאָס גליק אים געטוען אַ בלענד,
און ווי ער באַרירט נאָר דעם טרוים מיט אַ פינגער,
באַלד ווערט אַלץ צעשאָטן אויף שטויב און פאַרברענט.

אַ פינצטערניש שפּרייט זיך, אַ דונער, אַ שווערער
צעקאָליערט זיך אימה'יק: געננוג דיר געטרוימט!
און ס'ווערט דיר דיין אייגענער אומגליק אַ לערער,
וואָס שטראָפט דיך און לערנט, וואָס האָסטו פאַרזוימט?

IV

ווי פינצטער עס ווערן מחשבות געבוירן,
ווי הילפלאָז דאָס שטייגן אויף שניי אין די בערג?

מיט גלויבן זיך שטאַרקן, ווען אַלץ איז פאַרלוירן,
כאַטש נעם און דיין אייגענעם האַלדז דיר דערוואָרג.

א סוף זאָל עס נעמען, נו, גיכער, געשווינדער!
ווי לאַנג וועט עס דויערן? — די פינצטערניש שווייגט...
פאַרטרוי אַלץ דעם אייזל, אי זיך, אי די קינדער,
און זע, ווי ער נידערט, און זע, ווי ער שטייגט!

זיין פוס איז געברודערט מיט ברוך פון די שטיינער,
ער וועט נישט פאַרראַטן, דעם אייזל געטרוי!
אָט שפּאַנט ער, דער עקשן, מיט שטאָלענע ביינער,
וואָס טראָגן דיך זיכער, הויך־ווירדיקע פרוי.

אַלץ שטאַרקער און דרייסטער, מיט רעש און געפּילדער
דער ווינט אין בהלה יאָגט אָן מיט געבריל.
די בערגישע גייסטער אַלץ וויכערדיק, ווילדער
נעמען זיך טאַנצן — א וויסטן קאַדריל.

עס דרייען און שרויפן זיך שנייען־ספּיראַלן,
עס ברעכן זיך שטיינער, עס זעצט און עס קראַכט.
דער ווינט אויף זיין שופר געגומען האָט שאַלן,
און ווי איז די פעלדזן, וואָס פילן זיין מאַכט.

ער יאָגט, ווי א סטאדע אראָפּ אין די טאָלן,
ער פליט איבער שפאלטן איןווילדן גאלאָפּ.
און דאָ, אויף א בארג-פּאס, א נידעריק שמאָלן,
דער מענטש און דער אייזל אנטקעגן קומט: סטאָפּ!..

א טייכל צעשוימט זיך מיט בראזג און געוואלטן,
אומהיימלעכע וועלן אין ווילדן געלויף.
און טיף אינעם שוים פון אן אָפּהאנג אן אלטן
די וואנדער-משפחה זיך טוליעט צונויף.

די אייזלען — דערשוויצטע. די טרייבערס, די קינדער,
די מאמע אינמיטן — אין שאָטן פון שטיין,
דאָ וועלן זיי רואיקע ווארטן אצינדער,
ביז ס'ועט זיך דער שטורעם צעברעכן אליין.

V

און שטיל. ווי א וואונדער, די ווינטן אנטשוויגן.
פארשאָטן די בערגער מיט שנייען געדיכטע.
איצט זאָלן די שנייען אויף בלענדעניש ליגן,
ביז ס'ועט זיך באווייזן דער טאָג מיט זיין ליכט.

די נאכט איז פארמאטערט און רוט איצט מיט שווייגן,
נאָר ס'וועקן דער מענטש און די חיה זי אויף.

נו, מוטיקער, שטארקער! איצט וועלן זיי שטייגן
מיט נייער גבורה ארויף און ארויף.

אָט קומט זיי א שרייען, א הופן אנטקעגן,
פון יענער זייט מענטשן מיט לאָמעס און שטריק.
נישט שרעקט אייך, אויב ס'זיינען פארשאָטן די וועגן!
גאָט העלפט אייער רעטונג מיט לעבן און גליק.

עס וויגן זיך שאָטנס אין שיין פון לאמטערן.
איין אייזל זאָל שלעפן דעם צווייטן אצינד,
הע, מולא! — געשלעפּט און געצויגן זאָל ווערן!...
שוין הערט זיך פון וויטנס דאָס בילן פון הינט.

שוין שימערן שויבן מיט ליכט־שיין פון שטיבער.
שוין הערט מען גאנץ דייטלעך דעם ברום פון א קו.
א שפאן נאָך א קליינער, אָ, גאָט, דו מיין ליבער!
און ס'נענטערט א ישוב א שטילער זיך צו...

VI

אין פינצטערניש שטייען א שורה פון הייזלעך,
יואָס קוקן ארוים פון פארפרוירענעם שניי.
מיט פענצטערלעך קליינע, ווי אויגן פון מייזלעך,
און ס'קרעכצן די דעכער מיט מידקייט אויף זיי.

די נאכט האָט באַפֿוילן, אַז שווייגן און שטומען,
זאָל באַרג און זאָל אָפּגרונט, זאָל יעדערער שטיין.
האַלט איין אייער אָטעם, דער מענטש איז געקומען,
און זעט, ווי ער פֿריידט זיך דורך טרערן געוויין.

און קוקט, ווי ער שפּרינגט דאָס אַראָפּ פֿון דער היה,
ווי ציטערדיק הימלען באַטרעט ער די ערד.
און דאָ, אין דער פֿעלדזיקער היים, אין דער נייער,
זאָל זיין אויף אַ נאַכט, כאָטש די רו אים באַשערט.

אָ ווילקאָמען ליבע! איצט האָט איר באַטראָטן
דעם „פּוענטע דעל אינקא", אַ שוועל און אַ הויז
דאָס אָרט, וואָס דער שניי האָט באַגראָבן, פֿאַרשאָטן,
עס ביט אייך אַ היים אָן, און רוט אייך דאָ אויס.

אָ, פֿרוי, הויכגעשעצטע! דערלויבט און באַפֿרייט זיך
אַרויס פֿון די פּאַנטשעס! די קינדער נאָך איר,
ווי ציגעלעך שפּרינגען און ס׳יונגסטע צעשרייט זיך,
און זיי גלייך אַנטקעגן זיך עפֿנט אַ טיר.

און ס׳ווערן באַגאָסן מיט ליכטיקע פּאַסן
דער שניי און די פֿעלדזן. ווי וואונדערלעך שיין,
אין טונקלקייט ווייזט זיך מיט טרעפּ און טעראַסן —
אַ פּאַלאַץ אויף קורצע פּיליאַרן פֿון שטיין.

אַט שטייט זי, די מוטער — די קינדער ארום איר --
א שווייגנדיק שטאָלצע מיט איידעלן חן.
אליין, ווי א קינד נאָך, אי פרייד און אי קומער
שטראַלט פון איר וועזן געלייטערט און ריין.

שוין שפּעט, און די לאָמפּן מיט ליכטיקייט שיינען.
מיט זילבער, קרישטאַלן, דער טיש איז געגרייט.
מיט הייסע געריכטן און ס׳בעטן זיך ווײַנען:
טרינקט און געניסט אונדז, פארלירט נישט קיין רייד.

פון טעלער, פון שיסלען, פון קונציקע וואזעס,
עס קרויזלט און הויבט זיך אַן איידעלער דאמף:
אומזיסט האָסטו, בארג־ווינט, געהוליעט מיט עזות!
דו האָסט מיטן מענטשן פארלוירן דיין קאמף.

אָ, אייזלען, איר ליבע! אַט דאָ, ביי דעם עסן
דערמאָנט זאָלט איר ווערן מיט ליבשאפט און דאנק.
און זאָל ער נישט קיינמאָל, דער מענטש, אייך פארגעסן,
אפילו אינמיטן זיין שענסטן געזאנג...

VII

ווי גוט און ווי ליבלעך די ווארעמקייט שפרייט זיך
און רויטלט די בעקלעך, דאָס עסן, דער וויין,

ווי<ins></ins>גט מיך מיט די קעפלעך, „געגוג שוין געפריידט זיך!"
און ביסלעכווייז דרימלען די קינדערלעך איין.

די מוטער פארנעמט זיי, דאָס טעכטערל קליינע, —
זי טראָגט אויפן אָרעם די יינגלעך פאַרוים.
אריין אין די בעטלעך, די שניי-ווייסע, ריינע,
און שלאָפט אייך, איר שיינע מלאכימלעך אוים.

נאָר זי, בלויז, די מאמע, זי שמייכלט א שטילע,
ווי קאָן זי גאָר שלאָפן? אין טונקעלן ליכט,
שטיל פלאטערט איר בענקשאפט, ריין, ווי א תפילה,
און שעפטשעט פארחלומט, ווער וואָלט זיך געריכט. —

אז אונדז זאָל קיין אומגליק אין וועג נישט פארמיידן,
אויב ס'איז מיר א פרואוואונג געוועזן באשערט,
איז טאָפלט מיר ליבער דער פיין און די ליידן,
איצט ווייס איך, מיין חבר, אז כ'האָב דיך די ווערט.

VIII

גוט מאָרגן, איר בערגער, מיט שניי אויף די שטיינער!
איר הימלען, איר בלויע, אין ריינעם באגין.
אזוי זאָל דער טאָג זיך צעבלאָען א שיינער
מיט זון אויפן הימל — א גאָלדענע שפין.

אָט קריכט זי מיט גאָלד-פּים אויף בארגיקן רוקן,
וואו אלין איז געפלאסטערט אלבאסטערן-קלאָר
אָ, בערגער, ווער קאָן אייך אין פּנים איצט קוקן,
איר מעשי-בראשית פון טויזנטער יאָר!

שוין שטייען די אייזלען געזאָטלט און וואַרטן,
און שרייען מיט יאָמער און הערן נישט אויף.
און באלד אויף דעם שניי-פּלאַך, פארפרוירענעם, הארטן,
אָט, וועלן זיי שפּאנען אראָפּ און ארויף.

און קריכן אויף הויקערס, אויף שארפן און שפּיצן,
פון פעלדזן-שיפּועים זיך טוען א גליטש.
דער מענטש זאָל פאר ציטער די ציינער פארקריצן
און שרעקן זיך געבן, אפילו א קוויטש.

אָט, ציט זיך א שורה פון אייזלען, אין גלות
פון וואָגל און וואנדער, מיט שרעק אין די טריט.
פון אויבן די הויכן, פון אונטן א טאָל איז,
א הייל און אן אָפּגרונט, א שפּאלט אין דער מיט.

דער טאָג אזוי ליכטיק, א בלענדיקער העלער,
די טאָלן צעפּראלטע מיט ווייסקייט אויף זיי.
ווי שטיקער צעשניטענער קעז אויף א טעלער,
עס ליגט אין מדרגות דער פוכיקער שניי.

אזוי איז עס פריילעך, די בלויקייט פון עטער
צעלייגט זיך אין שיכטן, ווי ריינער קרישטאָל.
א סוד אין די „אנדן” איז תמיד דאָס וועטער,
איצט זינגען אין שווייגן, סיי בערג און סיי טאָל.

אָט, פּאָכן די קינדער פאר פרייד מיט די הענטלעך,
אָט, רייט זי, די מוטער פון הינטער זיי, שטיל.
אויף הערלעכע בערגער, אומענדלעך, אומענדלעך —
צעשפּילט זיך די שיינקייט, אזוי ווי זי וויל.

נאָר פעלדזן און היגלען, וואו ס׳אויג קאָן דערלאנגען.
קיין גרעניץ צום שטייגן, צום שפּאנען קיין ענד.
און ווידער געקומען, און ווידער געגאנגען,
און ווידער געשטאנען פאר אייזערנע ווענט.

ווי גוט, אז דער ווילן איז שטארקער פון אייזן,
קיין שטרויכלונג צעשטערט נישט זיין פולן באגער.
א פרוי האָט דורך בענקשאפט געגומען באווייזן
די בערג דורכצושניידן, וואָס דארף מען נאָך מער?

אָט, רייט זי א שטאָלצע, קיין זיפץ נישט צו הערן,
דעם מוט און דעם פּחד, איר בוזים באהאלט.
די בערג, ווי דורך כישוף צעעפנטע ווערן,
און ס׳צייכענען שאָטנס איר העלדן געשטאלט!

# אינעם זוניקן לאנד

איך בין די פרייד, איך בין דאָס גליק און כ'בין דער שקלאַף פון זיך אַליין,
און כ'בין דער הערשער איבער זיך, און כ'בין פון טויזנטער ס'געוויין.
און כ'בין דער שטורעם־גלאָק, וואָס וועקט פון פינצטערניש די מידע קנעכט,
און כ'בין דער פונק, וואָס שפּרינגט אַרויס פון יעדן האַרטן קיזל־שטיין.

# פרימאָרגן

עס וועקט דער גלאָק פון שלאָף טונקעלע געמעכער
עס שימערט אויף דער מאָרגן איבער שטאָל און אייזן.
שוין נעמען זיך, ווי שאָטנס, ערשטע מענטשן ווייזן,
און ס'טריפן טויען פריש אראָפּ פון אלע דעכער.

די הייזער שטייען מיד, ווי אלטע, גראָע, גרייזן.
ס'צעפּייפן זיך די קוימענס, היילן ווילד אלץ העכער.
זיי שפּייען קנוילן רויך ארויס פון שווארצע לעכער,
און ארבעטער פארסאָפּעט דורך פוסטע גאסן שפּרייזן.

עס שמייכלען יונגעביימלעך מיט זאפטיק גרינע צווייגן,
און דורך דעם שמאָלן הימל שוועבן זוניק טויבן
אויף פעלדער טוי־באנעצטע פרישע קערנער קלויבן.

נאָר ארבעטער, פארשלאָפן, איילן שטום און שווייגן —
א גאנצן ליבן טאָג זיך מאטערן ביים פייער
און אין דער היים געלאָזט, וואָס ליב איז אלץ און טייער.

# וואונדער פון גאסן, סאנטיאגישע

איבער די גאסן סאנטיאגישע
טומל, געררויש און ווירוואר.
געכישופט פון שטעקעלעך מאגישע,
טראָגט זיך מיט פייפן א קאר.
און יינגלעך מיט שטימעלעך טראגישע —
פארקויפן דעם נאקעטסטן צער.

ווי שיין זענט איר, מיידלעך, סאנטיאגישע,
א דימענט אין אויג אייערם ברענט,
ווען יונגען אויף גאסן, בראַדיאגישע,
ווי וואָגשאָלן, טראָגן די הענט.
און אויטאָס אויף ווענן זיגזאגישע —
פליען מיט אימפעט און בלענד.

אָ, וואונדער פון פרוכט־מערק, סאנטיאגישע!
מיט טרויבן מיט עפל אין באר.
געגארטלט מיט בערג־קייטן מאגישע.
מיט דינסטן, מיט קנעכט און מי האָר.
און זים איז דאָס שיינע און טראגישע —
באצאָל איך מיט לידער דערפאר.

# ו דער אָפּגעריסענער

**EL ROTO**

דער אָפּגעריסענער, מיין גאָט,
ער דאַרף קיין טרייסט נישט האָבן.
לאַנג שוין האָט ער זיינע טרוימען
אין דער ערד באַגראָבן.

ווילדע אויגן, שויבער-באָרד,
ברודיק לייב דורך קליידער-ריסן.
— זאָל דיין קאָפּ אויף מיר נישט דאַרן,
קלוגער, מענטשלעכער געוויסן.

— כ׳האָב מיט „טשיטשאַ”, רויטן ווײַן
חזיריש זיך אָנגעטרונקען.
זע איך נאָר אין פיבער-וויזיעס,
ווי צו מיר די שטערן ווינקען.

נאַסער רינשטאָק — זיסע רו...
גוט אַזוי צו כראָפּען, דרימלען...
און אויף זילבער-וואָלקנס שוועבן
העכער צו די בערג און הימלען.

נאָר גישט וואך זיין. זין איז סם
פאר די אויפגעלייזטע חושים.
נעם ארום א שטיין, א מענטשן, —
און מיט טרערן האלדז אים, קוש אים.

אָט אזוי, דו, חבר שטיין!
העלף אים שרייען, זינגען, לאכן,
ביז דער נאָט פון לויטער גוטסקייט
וועט די אויגן אים פארמאכן.

# עס שימערט סאנטיאגאָ, די שיינע

עס שימערט סאנטיאגאָ, די שיינע,
אינמיטן, די בערגער ארום.
מיט גאסן, וואָס רוישן און זינגען,
מיט קלויסטערס, וואָס דאווענען פֿרום.

מיט פלעקן, מיט בלוי און מיט פארבן.
מיט בלומען, מיט פירות און פלאנץ,
כאָטש נעם און צעהוליע זיך לוסטיק,
און גיי א מעשוגענעם טאנץ.

עס שימערט סאנטיאגאָ, די שיינע
און שמייכלט מיט איידעלן חן,
מיט מיידלעך, מיט ווילדע, ווי פֿייער,
אזש ס׳ברענט אונטער פֿיס זיי דער שטיין.

מיט ליבשאפט אויף פּנימלעך צארטע,
מיט ריטם אין איידעלן גאנג.
עס שימערט סאנטיאגאָ, די שיינע,
אויף אייביק א ליכטיק געזאנג.

# צום בארג

אָ, מעכטיקער, שטארקער, אלמעכטיקער בארג!
איך מוז דיך באשטייגן, מיין ווילן איז שטארק.

נישט אָפּגרונט וועט שרעקן מיין פּוסטריט צו דיר, —
איך מוז דיך באשטייגן, עס ציט מיך צו דיר!

דיין אָפּגרונט, דער שווארצער, גלאָצט פינצטער און קאלט;
דער טויט זיך באהאלט דאָרט אין יעדערן שפּאלט.

און הויערט מיט אימה ארויף צו דעם מאן,
וואָס גייט ביי זיין אָפּהאנג מיט זיכערן שפּאן.

אָ, בארגיקער, שטארקער, אלמעכטיקער שטיין!
איך מוז דיך באשטייגן, דאָס וויל איך אליין;

שניידן און שניידן אויף היגלען א וועג,
דורך טרעפּן, דורך שוועלן, געקושטע פון טעג.

שטייגן און שטייגן, און ווענדן מיין גאנג,
יואו ס׳פאלן קאסקאדן מיט שוים און געזאנג.

אָ, מעכטיקער, שטאַרקער, אַלמעכטיקער פעלדז,
געטונקלט אין שאָטנס, געבאָרן אין העלם,

פון זוניקן פייער געבראָטן, געברענט, —
דו האָסט מיך פאַרכישופט, דו האָסט מיך פאַרבלענדט.

איך מוז דיך באַשטייגן, מיין ווילן איז שטאַרק,
אָ, מעכטיקער, שטאַרקער, אַלמעכטיקער באַרג!

# רויטינקע עפּל

א קינד מיט א קוישעלע רויטינקע עפּל,
מיט באַרוועסע פיסלעך, געוויייקטע אין קויט,
באהאלטן אין קאַלנער דאָס האַריקע קעפּל, —
פאַרדינט שוין צום לעבן אליין זיך דאָס ברויט.

„העי, עפּעלעך רויטינקע!" — קלינגט ווי א גלעקל
דאָס קול פון דעם אָרעם, צעריסענעם קינד.
און ס'פלאמען מיט רויטקייט די בלייכינקע בעקלעך,
און ס'נעצט אים דער רעגן און ס'קושט אים דער ווינט.

דאָ נעמט ער דעם זאקענעם מאנטל ארונטער
פון גופל און דעקט זיינע עפּעלעך איין.
און ליכטיקער שרייט ער, פרייילעכער, מונטער:
„די עפּעלעך רויטינקע שמעקן ווי ווייַן!"

דאָס רעגנדל שפּילט די קינדערשע גלידער,
די פיסעלעך ציטערן, פאלן פון מיד.
און ס'זינקט אויף די עפּלעך רויטע אנידער
דאָס קינדערשע קעפּל און ס'פּנימל גליט...

# סאנטא לוסיא!

פון פעלדז און שטיין, דו בוים, דו בארג!
דו מויער־וואנט און טורעם־קארק.
דו בלומען־בייט און קווייטן־קוסט,
איך זינג צו דיר מיט פולער ברוסט:
סאנטא לוסיא!

שוין שטייג איך הויך, איך קלעטער דרייסט,
דו, זונען־בארג! ווי שיין דו גייסט
מיט טרעפ ארויף, מיט שטעג און שליאך,
דו ביסט א ווילדע צויבער־זאב —
סאנטא לוסיא!

דו שיינסט מיט גרינס פון יעדן פאלב,
און איך וועל זיין דיין יונגע שוואלב.
א זינג, אשפרונג, פון גליק א פלי.
מיט ליוב פאר דיר, מיין בארג איך קני,
סאנטא לוסיא!

מיין אָטעם שטייט, דער פוס ווערט מיד,
נאָר שטארקער שוימט, ווי ווײַן מיין ליד.

עס זינגט אין מיר דאָס גאַנצע לייב,
ביסט שענער, ווי דאָס שענסטע ווייב —
סאַנטאַ לוסיאַ!

איך שטראַל און כ׳פּיל אַ גליק, אַ העלם,
דו, גרינער בארג, דו שטומער פעלדז!
דו שטיינער-קרוין, דו טורעם בלום.
אַט זינג איך יידיש צו דיין רום —
סאַנטאַ לוסיאַ!

# דער ריז

ביים ראַנד פון גאס עס שטייט א ריז,
און קוים ער האלט זיך אויף די פיס;
און מורמלט שטיל די ווערטער פראַסט:
אָ, גאָט, וואָס האָסטו מיך פארלאָזט!

דאָס גאסן־ליכט אויף שילדן שרייט,
און זיינע אויגן קוקן ווייט,
און זיין געשוואָלן שטיל געזיכט —
עס הייליקט זיך אין רויטן ליכט.

עס טראָגט זיך טומל, רעש, געשריי,
אלץ דרענגט זיך פאר זיין אויג פארביי,
דער ריזן־גוף, וואָס שטייט — א שטיין
ביים ראַנד פון גאס און קריצט די ציין.

א שוים זיך בלעזלט אויף זיין ליפ,
ער גיט א שעפטש, ער גיט א כריפ
צום לעצטן מאָל די ווערטער פראַסט:
אָ, גאָט, וואָס האָסטו מיך פארלאָזט!..

# צו לייוויקן

צו לייוויקן שרייבן א בריוו:
מיין טייערער פריינט פון געזאנג.
ווי שיין איז דיין וואָרט און ווי טיף,
שיק איך דערפאר דיר א דאנק.

אויף מיר איז א מיטלייד ביז גאָר,
איך לעב אין אן איינזאמען אָרט.
היט איך שוין ס׳וויפלטע יאָר,
ווי א שומר, דאָס יידישע וואָרט.

היט איך, ווי הייליק מען היט
א וואונדער־קמיעה־געשאנק,
דאָס איידעלע וואָרט פון דיין ליד,
דאָס גוטס פון דיין מענטשלעך געזאנג.

ווי שווער אינעם יאָך פון פארשטאנד,
איז טראָגן דעם גורל „אליין"
אין א וויייטן פארוואָרפענעם לאנד,
וואָס איז אזוי וואונדערלעך שיין.

גיי, זוך אין די פעלדזן — א שליאך,
גיי נעם ביי די כוואליעס די שיין.
גיי, באַרג ביי די פויגלען די שפּראַך,
בעט ווינט, ער זאָל חבר דיר זיין.

טראָג איך, אין איינזאמקייט, מיד,
די בענקשאפט א שטילע צו דיר.
אין אָנדאכט פון טרוים און פון ליד,
דעם שוידער פון שניי און סיביר.

מיר דוכט, אז איך הער אן אדיע,
פון וואָלקן גייט אויף דיין געזיכט.
און כ׳קוק צו די בערג און איך זע,
ווי זיי שיינען אין אָוונט-שיין־ליכט.

# דער לויטערער קוואַל

א מאן איז געקומען מיט לויטערע רייד
און ער האָט אזוי אונדז פאַרציילט:
אז ערגעץ איז דאָ א לויטערער קוואַל,
וואָס מענטשלעכע וואונדן ער היילט.

דער קוואַל איז פארבאָרגן, מען ווייסט נישט אוואו,
אין בערגישע היילן, צי גאָר אין א וואלד.
און בענקט אין זיין עלנט, שוין טויזנטער יאָר,
צו זען אין זיין שפיגל א מענטשלעך געשטאלט.

ער שיקט ווי א תפילה, זיין קוואַליק געזאנג,
מען זאָל אים דערהערן: קום, מענטש, צו מיין שטראָם!
כ׳וועל וואשן דיין קערפּער, כ׳וועל היילן דיין גייסט
און זאָל מיך אומזיסט נישט פארשלינגען דער תהום...

דער מענטש, ווי א בלינדער, שטרעקט אוים זיינע הענט,
ווי ס׳עפנט אן אָדלער דעם שנאָבל, ער שרייט

פארצאפלט, ביז ווייטיק, נאָך בענקשאפט צום קוואל,
וואָס איז אזוי נאָענט און איז אזוי ווייט.

נאָר קומען, וועט מוזן, דער טאָג און די שאָ,
ווען מענטש וועט דערשפאנען, נאָך יאָרן, ווער ווייסט?
צום קוואל דעם פארבענקטן, אנטפלעקט פון זיין סוד,
און ווערן געלייטערט, און ווערן געטרייסט.

# דייטשלאַנד 1916

און ס'קוקט מיט אַ קאַלטקייט
דער שומר פון אַלטקייט.
און וויל וואָס פאַרשטעלן
פאַר רוישיקע וועלן,
מיט לענגלעכע שוועלן.

דאָס איז ער, דער שומר,
וואָס וואַכט איבער קעלן.

# דער דאָם פון קעלן

אויסגעוואקסן, מיט דער נאכט צוגלייך,
ווי א שוואַרצער סילועט,
איז די פאַרשטאָט — קעלן־קאַלק.

קעלן איז אַן אלטע שטאָט,
פול מיט קלויסטערס און מיט קלייטן,
פול מיט ווייַנקעלערס און טומלדיק געזאנג,
פול מיט ביר־הייזער פון קעלשן אלטן שניט,
וואו ס'זיצן אפט פאַררינגלטע מיט רויך,
ביי טישן דעמבענע מיט שווערע קופליעס ביר,
די פרומע בירגער־לייט פון קעלן און פון קאלק...
און וויפל שענקען יעדע גאס פאַרמאָגט —
אזוי פיל קלויסטערס זייַנען דאָרט פאַראן.

און איבער אלץ און אלעמען
הויבט זיך אויף מאסיוו, —
מיט שטרענגע שניצערייען און שפיציקע קאָנטורן,
ווי א שטיק פון פינצטערניש, —
דער קעלנער אלטער דאָם.

ער שטייט א שטרענג פארגליווערטער,
שוין דורות לאנג ביים ריין,
מיט ווענט, וואָס זיינען אויסגעצירט
מיט שדים, רוחות און מיט ציגן־בעק,
מיט נישעם, שמאָל און טונקעלע,
פארשאָטענע מיט שטויב,
וואו ס׳שטייען שוין אן אייביקייט,
אויף היין און רעגנס און אויף ווינטן אויסגעשטעלט,
די אָפבילדער פון קריסטוסעס שילוחים אויף דער ערד.

פארשידן זענען זיי, די הייליקע ,
די היטערס פונעם קרייין:
טייל האָבן דארע פנימער, געוועבט פון הויט און ביין;
און אנדערע —
מיט אויגן טיף פארגראָבענע,
ווי ס׳וואָלטן שלאנגען דאָרט גערוט אין זיי;
און טייל —
מיט לאנגע שווערדן אויף די לענדן אָנגעגורט.

און ס׳זיינען נאָך פאראנען אינעם חשבון אויך
דיקע, אָנגעפּרעסענע, מיט קאפּלען אויף די קעפּ,
און מיט לאנגע ברייטע בערד, וואָס גרייכן ביז די קני,
און מיט הילצערנע סאנדאלן אויף די פיס,

און מיט גאַרטלען אויסגעפלאָכטענע פון שטריק,
וואָס גרייכן ביז די קנעכלען קוים,
באהאָפטענע מיט שליסלען און מיט פאַטשערקעס לרוב,
און מיט צלמים טונקעלע, וואָס הענגען אויפן האלדז.

און שווער און הארט צונויפגעפרעסט,
קלאַמערן זיך האמעטנע די ווענט
מיט דעכער נאַקעטע, באפּינטלטע מיט מאָך,
און מיט שארפן שרעג פון שפּיציקע קארניזן,
פון וואַן עס שיסן זיך ארויס טורעמלעך מיט ליליען אויף די קעפּ, —
ליליען, וואָס צענעמען זיך סימבאָליש אין א קרייץ.

און אימהקע, פארכמורעטע, הויבן זיך ארויס פון דאָרט,
דעם דאָמס באַרימטע, הויכע גלאָקן־טורעמס,
מיט קאַנטיקע און שווערע קאָנוס־קעפּ,
און מיט ליליען פרומע צלמים איבער זיך,
וואָס ווייען אַן אויף אַלץ א פרעמדן ווייטן גרויל,
און קוקן ברוגזדיק אראָפּ צום בעט פון ריין,
וואו ס'שניידן קרעכצנדיקע שיפן דורך דעם שטראָם,
שווער באלאָדענע מיט שווארצער, בלישטשנדיקער לאסט
פון הארטע שטיינקוילן און גראָלעך־מאטן קאָקס.

און קליינע יאכט־שיפן, מיט ווייסע זעגלען איבער זיך,
בלייכן זיך, ווי ווייסע וואסער־פייגל, דאָ און דאָרט;

און מעוועס פֿאָכען מיט די ברייטע פֿליגל אין דער הויך
און לאָזן ראַפּטום זיך אַראָפּ, צום איבערפֿלאַך פֿון טייך,
און הויבן אויף זיך ווידער ראַשע מיט אַמאָל,
האַלטנדיק אין שאַרף צעקרומטן, הונגעריקן שנאָבל,
מיט זון אַ טריפֿנדיקן, יונגן, צאַפּלדיקן פֿיש.

און דאַמפּעדס שווידערן די מוטנע כוואַליעס אויף,
און קומען צו צום ברעג און גייען אָפּ פֿון ברעג,
און בלאַנקען; שפּיגל-רויט מיט קוימענס קופּערנע, —
באַשלאָגענע מיט געל-פּאָלירטן מעש,
פֿון וואו עס שפּאַרט אַרויס אַ רויך געמישט מיט דאַמף;

און מענטשן, ווי די קאַרליקעס, באַגאָסענע מיט ליכט,
מיט פּנימער, ווי פּעניגן די גרויס,
קוקן פֿריילעכע, דערוויי‍טערטע, אַראָפּ פֿון דאָרט,
און זינגענדיקע פֿאָכען זיי מיט טיכלעך ווייס, ווי שניי,
צום ברעג, צום שטאָטיש, וואָס טיילט זיך אָפּ פֿון זיי.

# די פאַרשטאָט קאַלק

נאָר בריקן צוויי, געשלאָסענע מיט אייזן און מיט שטאָל,
קריכן אין די וואסערן אויף שווערע צעמענטע פיס,
און באהעפטן ברידערלעך ברעג צו ברעג געטריי.
און ווילד, מיט אימפעט, איבער זיי לויפן באנען דורך,
וואָס לאָזן נאָך זיך שטיקער דאמף
און קייטלען זיך אין רינגען רויך.
און צווישן זיי, מיט שטאָלץ, די נייע קעלנער הענגל-בריק
ביז אָן, מיט דייטשן, „ביטע שען", פאר פוס-גייער איר דינסט,
ביז אָן, פאר בלויז צוויי פעניגן, דעם דורכגאנג איבער איר.

און אונטער איר — מיט האסט עס ציט
דער שטילער שפילעוודיקער שטראָם;
און אויף איר — דער וועג, מיט אויסזיכטן אויף אומעטום,
וואָס פירט מיט רעש אויף יענער זייט פון ברעג — קיין קאלק,
וואו קוימענס בייז פארריסענע מיט העלדזער צו דער הויך
שפייען גאנצע טעג און נעכט מיט רויך, ווי שווערער בליי,
און זאָגן אָן, מיט אנגעטלעכן און וואָיענדיק געפייף,
דעם „שפרוך" פאר ארבעטער: „אז ארבעט מאכט דאָס לעבן זיס".

ווען ס'הענגען, שווארץ און טריב, די פינצטערע באגינענס,
און ארבעטער פון אומעטום, צעשווידערטע פון נעץ און קעלט,
שפאנען הונגעריק, מיט קללות און מיט קיי־טאבאק אין מויל,
מיד און שווער באלאָדענע, מיט פינצטערע מחשבות.

און וואו נישט וואו בליט אויף — א רויטער גליענדיקער זשאר,
דורך שארפן רויך פון בייסיקן און ביליקן טיטין,
וואָס פופקעט קנויליק פון א ליולקע זיך ארויס
ביי עמיץ אין פארשטשעמעט־פעסטע ציין.
און ס'ווייזט זיך אין זיין בולטקייט פארדויטלט א פראָפיל,
וואָס גליט בייט צאָרן אויף, מיט וויטיק, ביטערניש און פיין,
און פארלעשט זיך מיט געברום: „דאָנערוועטער קרייץ טויזנט מאָל".

און שטום, און קאלט, און הארטנעקיק ביי יעדערער פאבריק —
שטייען שטרענג די טויערן צעעפנט מיט געדולד.
און איבער זיי טויכט אויף דער טאָג מיט בלייכן מידן שיין,
אנטפלעקנדיק מיט זיך, אין שווערער הארטער איינזאמקייט,
די פייכט־פארצאָגטע און באטריבטע וויינענדיקע גאסן:
די הויכע גרויע מויערן — אדורכגעווייקט פון צער,
די שוי־פענצטער פון קויפהייזער — געפאקט מיט אלדאָס גוטס
און די, וואָס האָבן איילנדיק פארלאָזט נאָר־וואָס די היים,
מיט אומווילן געפעדערט זיך צו ארבעט אויפצושטיין,
אָן אונטערשיד פון פרוי און „בורש", ווייל ס'איז די צייט פון קריג,
ווען קליינע קינדער הונגערן און דארפן מילך און ברויט,

און נויטבאַדערפטיק איז דאָס פּאַטערלאַנד אין ארבעטס-הענט;
און קיינעם מיידט נישט אוים דער שווערער גורל פון דער צייט.

די קעטשענס און די גרעטשענס, האַלב-פּאַרוועלקטע, פול מיט שלאָף,
מיט שווער-פאַרשעמטע און פאַרשוועכטע יונגע מיידלשאַפט,
גייען שווייגנדיק אַנטקעגן ס'בייז געבלאָז פון ווינט —
שפּאַנען איילנדיק צום ארבעטס-אָרט, צוזאַמען מיט די אַלטע לייט,
וואָס פּרואוון זיך אין כוחות נאָך — די מיידלעך צו געפעלן —
און שטרענגען אָן ביז גאָר די מיד פאַרשטאַרטע פּיס,
ראַנגלענדיק זיך אַנגסטלעך-שווער, מיט פולע מיילער קעלט און ווינט,
און בלייבן הינטערשטעליק, ווי די נאַרן שטיין פאַרגאַפט,
ווען גרינג און לייכט ס'פאַרשווינדן זיי די מיידלעך פונעם אויג.

און ס'שניידן זיך אַלץ דייטלעכער די סילועטן אוים
פון דעכער גליטשיקע, פון סלופּעס, קוימענס, דאָ און דאָרט,
וואָס ווייזן זיך, אין רעגנשפּריי, קאַלט און טויט געפאַרעמטע;
און איבער זיי צעגענעצט זיך אַלץ פינצטערער דער טאָג,
און ס'טראָגט זיך, ווי אַן אָנגעלויף פון אומעטום, דאָס ארבעטס-פאָלק.
און דאָ און דאָרטן שפּאַנען שווער, ווי שאָטנס, אינוואַלידן —
מיט שראַמען אויף די פּנימער, מיט אָרבלען — אָנשטאָט הענט,
מיט שוואַרצע ברילן-גלעזער אויף קרום פאַרשיבטע נעז;
און שטאָלץ-געמאַכטע טראָגן זיי די גרוילעכע שינעלן,
באַוואָפנטע מיט קוליעס און מיט ווייטיקן אין לייב.

און ס׳קריכן פון דער טונקלקייט ארוים די קריגס-געפאנגענע,
ווי האָרדעס שווער פארנעפלטע, צעשטעלטע, ריי נאָך ריי,
און טעמפּ, דערשלאָגן, טראָגן זיי פון גרוילטאטן די לאסט,
באצוואונגענע, געהאָרכזאמע, די מאנטלען איבער זיך,
מיט היטלען דורכגעשאָסענע, מיט חלף-גלאנץ אין בליק;
און שטרענג, געמאָסטן, שטעלן זיי די שפּרייזן אויף דער גאס.
און ס׳בלאָזט אויף זיי פון יעדן הויז מיט פרעמדער קעלט און האס,
ביז ס׳שלינגט זיי איין מיט רויך — א פלאם צעצונדענע פאבריק.

# הומבאָלד

שוין הויבט זיך אָן אויפסניי א שווערער ארבעטס-טאָג,
א טאָג ווי אלע טעג, מיט ווילד געררויש און רעש;
מיט פייכקייט און מיט טוכלעקייט,
וואָס טראָגט זיך אום אין רוים,
און מיט פלינק געדריי פון (ספריכעדיקע) רעדער אָן א צאָל.

די „הומבאָלדס" ווערקשטאטן, וואָס רוען נישט קיין שעהן אין מעת-לעת,
זיי האָבן ווידער זיך מיט כוחות אָנגעגורט —
און זויגן אַ'ים די קראפט פון צוואנציק טויזנט ארבעטס-הענט.

און ס'איז צום שרעק קיין אונטערשיד נישטאָ פון יונג ביז אלט;
די מיידלעך אויסגעפוצט — אין בלויע ארבעטס-הויזלעך ביז די קני,
און שיכעלעך מיט הויכע אָפּצאסן, די גאָרסעטס אויפן לייב,
אז ס'זאָל דער קערפער נישט פארלירן די שלאנקייט און דעם רייץ
פון יונגע מיידלשאפט, וואָס ברעכט זיך מיזאם שווער,
הויבנדיק צום פרעס-מאשין די לאנג-געטאָקטע שטאָלערנע גראנאטן.

„ס'איז צייט פון קריג" — וויים יעדערער דעם כישופריקן „שפּרוך",
וואָס מאכט געהאָרכזאם זיין צום גורל פון דער צייט —

א יעדן איינציקן און שטאָלץ געשטימטן „דייטש",
וואָס איז פארבליבן נאָך אויף ארבעט און פאבריק,
ווי א זעלטנהייט צווישן מיידלעך, קריגס־געפאנגענע און אלטע לייט.

ס'איז אומעטיק, אומהיימלעך, אָן מענער און אָן „ברוטיגאמס",
און יינגלעך פערצניאָריקע, פילן שוין דערוואקסנקייט אין זיך
פון ארבעטן און האָבן ס'רעכט אויף ליבע און „גענוס".
און מאמעס אויסגענאָגטע פון פיל שעהדיקן שווערן ארבעטס־יאָך,
שטייען אָנגעשטרענגטע ביי די ארבעטס־בענק, אויסגעשמירט אין אויל,
די זאָרגן איינגעקארבט אין קרענקלעך מאָגערן געזיכט,
מיט ציטערניש אין הארץ פאר מענער ערגעץ וואו
פארוואלגערטע אין שוץ־גראָבנס, פון פראנקרייך ביי „ווערדון",
צי ביי די ברעגן זומפיקע פון פליסעדיקן „סאן".
און ס'באַמבלען אין די אויערן זיך די נעמען: „בעלגראד, „קיעוו", „ליעזש",
צוזאמען מיט די טענער פון אן אומעטיק געזאנג,
וואָס שניידט זיך קלאָר און שארף ארויס פון דעם גערויש,
מיט ביטעריקייט און צער:

— „עס איז מיר אלעס איינס,
עס איז מיר אלעס איינס".

און ס'וויגט ד'ער קאָפּ זיך שטיל צום טאקט פון דער מאשין.

און פינצטער וויקלען זיך די רימענס, שווארץ און ברייט,
אויף שייבעס גלאנציקע, וואָס רוקן אין באוועג,

אין ווילדן הין־און־צ׳ריק, די לאנגע היבל בענק,
וואָס שיילן אכזרדיק און בייז די קרעציק הארבע שאָל
פון שטאָל געצוויגענע און וואָגיקע גראנאטן,
פון לאנגע איין־און־צוואנציקער און פערציקער די מאָס,
וואָס ליגן אויסגעשטרעקט צו פיר און דריי, אין רייען צוויי
און איבער זיי שניידט ס׳מעסער שארף — שניצנדיק דעם גראָבן שפּאָן,
וואָס קאָרטשעט זיך מיט רויך און ראָסט, אין א בלויען קנויל צענויף.
און ס׳דרייען זיך די דרייבענק גיך מיט רונדיקע „פּאטראָנען־קעפּ״,
מיט פעסט־פּארשפּאנטע נידעריקע, שווערבייכיקע שראפּנעלן.

און ס׳פאלט מיט רעש אויף זיי דער געלבלעך־גליטשיק זייפנדיקער שטראָם,
וואָס מאכט דאָס אייזן אונטערטעניק, ווייך, צום הארטן שליף פון שטאָל,
און שיילט און וויקלט עס אין גלאנציקע ספּיראלן אויס,
וואונדערלעך און לאנג...

— עס רופט צום פליכט דאָס פאָטערלאנד, די „בורשלעך״ אין פאבריק,
און ס׳רופט די נויט, וואָס האָט די קינדער איינגעשפּאנט אין קריג,
זיי זאָלן שטיין ווי צוגעשמידט צו קליינע אויטאָמאטנבענק
און רייפע, ווי דערוואקסענע, מיט הענטלעך פלינק און גיך,
באוועגן מיט אן אָנשטרענגונג די פייל אויף יעדן „דינג״.
זיי פייפן שטיל ניגונים אוים און זינגען קינדעריש און באנג,
אין קיל פון האלבער טונקלקייט, דאָס ליד פון „וואכט אַם ריין״.

און ס'שטייען ביי די בויער-בענק די זעלטענע פארבליבענע אין לאנד.
די מענער די פעט-לייביקע, וואָס טויגן נישט צום קריג
און די פאר וועמען ס'האָבן זיך די אומשטענדן געזאָרגט;
זיי זאָלן זיין די היטערס פון מעכטיקע ציקלאָפּישע מאשינען,
וואָס שטייען איינגעגראָבן פעסט אין טיפעניש פון דר'ערד
מיט רונדע מעטערדיקע פלאנשייבעס, וואָס דרייען זיך אין קרייז
און מיט ווינקלדיקע ציין-רעדער, וואָס ווארפן אָן א שרעק.
נאָר ס'שרייט אראָפּ פון פנימער דער הונגער און די נויט,
וואָס איז מיט מילדער רואיקייט אויסערלעך פארשטעלט, —
דייטשלאנד הונגערט איצט, נישטאָ אין לאנד קיין ברויט!
דייטשלאנד ראנגלט זיך אין גסיסה מיט דער וועלט.

עס ברענען העל די גאז-לאָמפּן און זייען מאטן ליכט,
באלויכטנדיק דאָס שאָטן-בילד פון רימענס, רעדער, שטאָל און גוס,
און ווינדעס ווי די טשערעפּאכעס קריכן איבער קעפּ,
און שלעפּן הארט-פארפּאנצערטע — דעם שווערן איבערפלוס
פון פארטיקע גראנאטן — ארומגעבונדענע מיט שטאָל-געדרייטע שטריק,
און ווי אין קוילן-שאכטן — לויפן באנדלעך היין און צ'ריק.

עס איז דער טאָג פון מי, דער שרעקלעך אומדערבארעמדיקער טאָג
פון ארבעט טויטפארשאָלטענער, פון פרישטיק, מיטיק און פון
פעספער-צייט,

וועז קרישלדיקע פעניצלעך פון פאלש געבאקן ברויט,
אָנגעשמירט מיט געלן קאָקוס-פעטס און שלעכטן מארמעלאַד,
דארפן זעטיקן דעם שטארקן אפעטיט,
וואָס האָט צעזונגען זיך אין הונגעריקן לייב.

און „קעלן־קאלק” האָט ווינטער־טעג, וואָס וויסן נישט פון פרעסט.
דאָך ליגט די שטאָט אין פינצטערניש און שטענדיק טריפט און נעצט
א שפּיציק דריבנע רעגנדל, און כאָטש עס גרינט דאָס גראָז,
איז אומעטיק די ווינטער־צייט און ס׳יאָגט א קעלט און בלאָזט.
דאָך, ציט זיך אַלץ דער ארבעטס־טאָג אין זעלבן פולן טעמפּ
פון שעהן איבערגערעכנטע, כאָטש ס׳האָט שוין לאנג די נאכט
פארשלונגען מיט איר פינצטערקייט דעם ברויזנדיקן טאָג,
וואָס האָט צום צער באוויזן זיך מיט אומבאַשטימטן ליכט,
און אין די נעכט ווערט בולטער דער צאָרן און דער פּיין,
וואָס ליגט מיט ווי פארגראָבן טיף ביי יעדערן אין בליק
און ס׳דוכט זיך אויס, ווי אלדינג שרייט: „אז ערגער קאָן נישט זיין!”
דאָך רייסט זיך נישט ס׳געשריי ארויס פון חלל פון פאבריק.

# די שענק

און נישט קיין שטערנליכט און נישט לבנה-שיין,
און נישט קיין העלע פרייד ליגט אויסגעשפרייט אויף קאלק,
כאָטש ס׳צימבלען הייזעריק די שפילקאסטנס א מארש,
אין קנייפּעס ביליקע, אין יעדער איינער שענק,
וואו ביסלעכווייז פאַרזאמלט זיך ביי קופּליעס שלעכטן ביר
דאָס פאָלק, דאָס אָרימע פון ארבעט און פון נויט.
און יעדער מיט זיין פּונש, און יעדער מיט זיין ביר און ווייַן,
און יעדער מיט זיין אייגענעם געזאנג פארטומלען און פארשרייען וויל
מיט אויסטערלישער פרייד,
דעם בייז באשריגענעם און עגבערדיקן פּיין,
וואָס לאָזט קיין רגע נישט צורו דעם דייטשן שטאָלץ.
נישטאָ קיין פליש, קיין ברויט, און אויך דאָס ביר איז שלעכט,
און מיט גלי-פּונש דארף מען פארליגנערן די קעל, —
העי, וואָס קאָן שוין ערגערס זיין, ווען ס׳איז קיין זאך נישט עכט?
דער קייזער האָט גערופן קריג און שטרענג איז זיין באפעל.
און ווער עס קומט פון פעלד אויף רו אהיים נאָך גאנץ,
איז גוט צו טרעפן זיך אין שענק מיט אַלטע פריינט,
כאָטש ס׳איז אַן אַנגעלויף, א טומל, א געדרענג —
פון פנימער, וואָס קאָנסט זיי נישט פון נעכטן, נישט פון היינט,

פון מיידלעך באלעבאטישע, פון מענער — קינדער נאָך, נישט מער,
אזעלכע און אזוינע גאָר פון די,
וואָס האָבן קיינמאָל נישט באטרעטן נאָך די שוועל
פון אַט דער ביליקייט, וואָס רופט זיך:
קנייפּע אָדער שענק.
דאָך גוט איז כאָטש דער צייט־פארטרייב, דער טומל און ס׳געטויש,
ווען אלע שרייען הייזעריק און זינגען אויפן קול:
די מענער מיט די ברוסט־שטימען, האלב שיכור פון געטראנק
און די מיידל׳עך האלטנדיק אין האנט די גלעזלעך פונש,
און אלע זינגען זיי פאַרבענקט דאָס וויפלטע געזאנג, —
פון ליבע, היימלאנד, שיידונג, גליק און פרייד און פלוך,
און טראגיש טראָגן זיך די שטימען פונעם כאָר,
ווי אָרגלען וואָלטן זיך צעיאָמערט אין א קירך.
די מיידלעך בלעקערצן, און ס׳טראָגט זיך דאָס געזאנג
איבער אלעמס קעפּ און ס׳וויינט אזוי, אזוי:

„ווען איר ליבט אונדז נישט מער,
ווען איר ליבט אונדז נישט מער,
ווערט אונדז דאָס הארץ
אזוי חרוב און לער״.

און ס׳ענטפערן די יינגלינגען מיט מענערישן צער און וויי,
און הונגער׳קע טראָגן זיך די קלאנגען איבער זיי:

„דורך פעלד און דורך מער,
דורך פעלד און דורך מער,

איז ליבע און היימלאנד
נאָר אונדזער באַגער".

און ווי עס ענדיקט זיך פון ליד דאָס לעצטע וואָרט,
צערייצטע פון געזאנג, אין נעפל פונעם רויך
שפּרינגען אלע אויף ראפּטום פונעם אָרט;
די גלעזער פונש און ביר אויפגעהויבן הויך
און אלע שיסן אויס א ברויזנדיק געשריי:
— „אַ־האָך"! „אַ־האָך"!! „אַ־האָך"!!! — ווי קנעכט, וואָס ווערן פריי.
און ווידער ווערן פול די גלעזער ביזן ראנד,
און פון א ווינקל שענק הויבט ווער אָן אויפסניי
צו זינגען טרויעריק א ליד, וואָס איז באקאנט,
א ליד, א האמעטנעס, וואָס מאכט דאָס הארץ ווי בליי.
די אויגן ווענדן זיך אהין צום ווינקל־טיש,
וואו ס'זיצט דער בלאָנדער „קנאַב", מיט אויגן קאלט, ווי שטאָל
און אומגעפּרעגטערהייט, צי מעג מען יאָ, צי נישט,
נעמען זינגען זיי אלע פאר אמאָל:

„א יינגל מיט לאָקיקע קרויזן
צום מיליטער מוז גיין,
און ווען ער דארף זיך שיידן,
זיין הארץ איז שווער ווי שטיין.
קום, ווען מיר קושן זיך געבן,
איידער איך גיי אינעם פעלד,
ווער ווייסט, צי איך וועל נאָך אין לעבן
זיך טרעפן מיט דיר אויף דער וועלט".

און ווען דער כאָר זינגט אוים דעם לעצט פון רעפעריין,
ווי „דער ליבסטער רופט זיין ליבסטע פון איר הויז",
דוכט זיך: ס'נעמען ציטערן די זיילן פון דעם שענק,
די לאָמפּן וויגן זיך, די מענגע ברומט און זינגט —
געפּאַקט און אַנגערעגט פון פלאַמיקן עקסטאַז.

די מענטשן — קעפּ אויף קעפּ און ס'קרעכצן טישן, שטולן, בענק,
אויף וועלכע ס'שטייט מיט לייבנקראַפט דער זינגענדיקער מאָב,
וואָס ברומט און זינגט אומאויפהערלעך זיין אויסטערלישן הימן.
און פּלוצים זעצט ארוים דער שפּיל-קאַסטן זיין מאַרש
צום טאַקט פון אַלע זינגענדיקע, ברומענדיקע לייט.
און ביי די זייטן גליווערן מיט שטוינענדיק געדולד,
די בלייך אַנעמישע בלאָנד-האַריקע פּאָלאַקן,
די וואָנצעם אויסגעווייקט און דורכגעזאַפּט מיט שנאַפּס;
פון אַרבעט אויסגענוצט און אויסגענאָגט פון פרייד,
אָן מינדסטער האָפענונג, אָן פונק פון קראַפט, אָן לעבנס-לוסט,
קוקן זיי מיט אויגעלעך, וואָס זייגען גרוי און קליין
און שפּיגלען אָפּ אין זיך א ים פאַרלוירנקייט און שרעק.

און ס'רעשט דאָס פאָלק זיך ווײַלנדיק; און אומבאַמערקטערהייט
שווין זיצן מיידלעך פריידיקע אויף קני פון יונגעלייט
מען שושקעט און מען האַלדזט זיך, מען רופט זיך. ליבשען, שאַץ,
און די רייד צעגיסן זיך אין בלוט ווי שטאַרקער וויין.

די אלטע ווערן שווייגנדיק און ס׳יונגוואַרג שטראַלט פון לוסט,
גלייך ס׳וואָלט זיי פרעמד געווען דער טויטן־טאַנץ פון פראָנט.
נאָר איידער וואָס און ווען, אין סאַמע בראַנד פון פרייד,
שטעלט זיך אין דער עפענונג פון דער קנייפּעס טיר
א מאַן — א קאַליקע, אויף קוליעס אָנגעשפּאַרט
און מיט אויגן רויטלעכע שטעכט ער יעדן דורך:
ער קומט צו הינקענדיק אַלץ נענטער צו דעם אָרט,
וואו ס׳זיצט זיין אייגן ווייב ביי יענעם אויף דער קני
און פּלוצים הויבט ער אויף מיט אָנשטרענגונג און קראַפט,
זיין אָנלענער, די קוליע, און פּאַטשט מיט איר שטאַרק
איבער קעפּ און פּנימער, און טרעפט אויף רעכטס און לינקס,
און פאַלט אליין א מאַכטלאָזער, אָן אָנשפּאַר צו דער ערד.
מען וואַרפט די בענקלעך אום, און כאַפּנדיק די גלעזער אין די הענט —
שפּרינגט מען אויף באַוואָפנטע — נישט קענענדיק דעם פיינט,
פרוי צו פרוי און מאַן אויף מאַן, א ווירבל, ווי פון הינט,
צונויפגעקנוילט; מען דראַפּעט זיך, מען בייסט זיך מיט די ציין
און מען שלאָגט זיך אָרנטלעך מיט פויסטן איבער קעפּ,
פאַרטויבנדיק דעם שפּיל־קאַסטנס טומלדיק געזאַנג,
וואָס קלינגט פאַרמאַטערט, מיד, הייזעריק און קראַנק...

# אויסלענדער

עס שלאָגט מיט אימפּעט פּאַלנדיק א האַרטער רעגנגוס,
און אין דער נאַסער פינצטערניש, פון דער פאַרשטאָט „קאַלק״
שלעפּן קוים זיך שיכורע, מיט וויגנדיקע קעפּ,
די שאָטנס פינצטערע פון אַרבעטער, וואָס קערן אום אַהיים,
דורך גאַסן ליידיקע, אין רעגנפּליוץ, נישט טרעפנדיק דעם וועג
צום בלעכערנעם, אומהיימלעכן און הילצערנעם באַראַק —
דעם איינזאַם ווייט פאַרוואָרפענעם אויף א וויסטן פעלד,
אַרומגעצוימט מיט דראָטן־נעץ, גלייך ס'וואָלטן דאָרט געוואוינט
קרעציקע, אומהיילבאַרע און נישט קיין אַרבעטס־לייט.

פאַרשאָלטענע, איר אויסלענדער, פונוואַנען נאָר איר קומט!
פון היימען וואַרעמע, פאַרטריבענע, פאַרנאַרט פון אומעטום,
פאַרלאָזן ווייב און קינד און מיט א פרעמדער צונג,
שלעפּט איר זיך אויף הפקר אום, ווי הינט, וואָס וואָגלען שטום!
די גאַסן דרייען זיך און ס'שאָקלען זיך מיט זיי'רע טריט
קוימענס און לאַמטערנס און די איינזאַמקייט באַגלייט זיי, ווי א הונט.
זיי פאַלן אום און שטייען אויף, און שלאָגן קאָפּ אין וואַנט
און זינגען הייזעריקע לידער: פון היים און ווייב, און לאַנד...
נישט קיינער הערט זיי, נישט קיינער וויל זיי הערן, קיינער נישט,
אין א שטורעמדיקער נאַכט אַזאַ איז פרייליך בלויז דער ווינט.

ער טרייבט זיי ראשער אונטער, רעגן דינט אים פאר א בייטש,
און דער שיכורער, ער קריכט און פרייכט, און רירט זיך קוים פון אָרט.
און איינציקווייז פאלן זיי אריין צו זיך אהיים,
אין פינצטערן באראקן־הויז, וואָס ווארט מיט קעלט אויף זיי.
די טיר צעעפנט שטייט, און וויגט זיך הין און צ׳ריק,
אויף גרילצנדיקע זאוויאסעם, און שאָטנס אלערליי
קריכן, קלעטערן אויף ווענט, ליגן שלעפעריק אויף דר׳ערד
און ס׳הענגען קראָקוועס אייזערנע, טראָגנדיק דעם דאך,
אויף וועלכן ס׳פאלט דער רעגנשטראָם מיט שרעקלעכן געפּליוך.

א טוכלעקייט. א דעמפּיקייט, פארגליווערט הענגט אין רוים,
דער זונטיק טאָג ליגט אויסגעוועפּט אין עיפּושדיקן דאמף.
דער דיל — א שמוציקער און ס׳שמ׳עקט פון אלץ מיט קרויט און קעז,
און מיט שלעכטן לעבער־וואורשט און זוי׳רן מארגארין.
די לאנגע בענק, די ליידיקע, דערציילן מיסטעריעז
פון מיטיקן און אָוונט־ברויטס, פון וואסערדיקע זופּס,
און פון הערינג זאלציקע, וואָס קומען אָנשטאָט פלייש.
צוזאמען מ׳ט די ערד־עפּל, געקאָכט אין די „מונדירן״;
וואו ס׳זיצן מיד די ארבעטער, צונויפגעשלעפּט פון יעדן לאנד,
ארום די טישנס נאקעטקייט און קראצן מיט די לעפלען אויס
פון טעלערס בלעכערנע, די קולריבן, די שפּאָר׳זאמקייט פון שפּייז,
זוכנדיק אין רייז־וואסער א זכר כאָטש, א פעדימל פון פלייש
און מיט די גומענס טשמאָטשקען זיי — געפינענדיק א פלוים.

פון אומעטום צונויפגעשארט, פון אלע לענדער פונעם פיינט,
און ערב־רב פון „אידן", „פוילן" און פון נאָך אזעלכע הינט,
וואָס שטאַמען אזש פון „ווילנע", „ווארשע" און „פּאַדאָל",
פול מיט א׳מבאהאָלפנקייט, דערנידעריקט, באלײדיקטע
און ס׳איז אזא רחמנות און ס׳איז א שפּאס צו רייצן זיך מיט זיי,
און אלע טראָגן זיי די ארבעטס־רעק אדורכגעפּעצט מיט טראָן און אויל,
וואָס גלאנצן שטאַר, פארהארטעוועט, ווי טונקלער אייזנבלעך.
די קנייטשן פון די פּנימער, פארפולט מיט זאָרג און שטויב,
די הענט פארקנאָטענע מיט ראָסט און שווארצן חלב־פעטס,
די האָר נישט צוגעקאמט און גלייכגילטיק צו יעדער פּיין.
און ס׳פירט דערביי צום וואש־צימער אריין א שמאָלער גאנג,
וואו זליוון ציען זיך נידריק ביי דער ערד;
א לאָמפּ, אן איינזאמער, וויגט זיך אינדערהויך —
מיט ליכט צעשאָטענעם און בעזימט אויס די ווענט,
וואָס שטייען נאקעטע, געבלייכט מיט ווייסן שרעק,
און איינגעהילט אין ליילעכער מיט באָרוועס שטילע טריט,
באווייזן זיך פארשלאָפענע און טוען וואָס מען ברויכט
מיט שטיל געמורמלעריי פון פויקנדיקע בלעך.
זוי שאָטנס פון לונאטיקער, וואָס גייען אומבאוואוסט,
קומען און פארשוואונדן זיי אומהיימלעך, שטיל און זאכט,
לאָזנדיק די שיכורע אין בלייכן נאכט־שיין שטיין
מיט מיילער ברייט צעעפנטע, רייסנדיק די קעל פון זיך
און מיט שוויים באגאָסענע, ארויסגעפּלאצט דאָס עקלדיק געמיש,
פון בראָנפן, הערינג, ביר און וויין, פון שוים־קוכן און קוואס.

נאָר וואויל איז די, וואָס שלאָפן שוין, און זים איז זיי די רו,
די נאכט מיט ווייליקייט בויגט שטיל צו זיי זיך צו;
זיי ליגן אויסגעלייגט שיכט אויף שיכט צו פיר
אין ביימנדיק געדרויך פון מענטשן־שווייס, פון קארבאָל־זויער, פון שטויב.
פון אונטן און פון אויבן, צו אכט פארשוין באנאנד
און אויף די בעטן שפרינגען אום גלאנצנדיקע פליי,
און וואנצן אויסגעפאשעטע קריכן לעבן זיי.

צוויי הונדערט פופציק נעזער, שנאָרכן דאָ און גיבן אָפּ קאָנצערט
מיט ווילד געפייפעריי מיט זענגנדיק געכריפּ
און אלע ליגן זיי באהערשט, באזיגט פון זיסן שלאָף,
און איבער זיי די שעהן שלעפּן זיך ווי שלאבערדיקע לייז.

שלאָפט, שלאָפט פארמאטערטע, די ביינער זיינען מיד!
געבענטשט זאָל זיין די נאכט, וואָס גיט אייך רו און פריד,
וואָס גיט פארגעסנהייט פאר יעדערן געהיר,
אויף בעטלעך אויסגעלייגט, שיכט אויף שיכט, צו פיר.

און אונטן לויפן אום די שווידערלעכע מייז,
פּישטשענדיק פאר ווילדן גיר, נישט האָבנדיק קיין שפּייז
און קיינער שטערט זיי נישט, אלץ שלאָפט איצט מאט און מיד,
און דורך דער דרויסנס פינצטערניש, די נאכט מיט פוילקייט ציט.

די נאכט, זי ציט און שיקט פון זיך ארויס א סילועט,
וואָס שפּאַרט זיך דורך די דורכגאַנגען, וואָס פירט פון בעט צו בעט —
א טונקעלע, גיפּטיקע, אומהיימלעכע פיגור, געהילט אין פּעלערין,
מיט אויגן צוויי, גזלנישע, וואָס שיסן הער און הין.
זיין „אורסוס” לויפט פאָרויס, א הונט, א ווילדער „רעק”
מיט ציינער שאַרף געשליפענע, די אויערן אויפגעשטעלט צו יעדן שאָרך
ער שטעלט זיך אָפּ א ווייל און דרייענדיק דעם עק,
קוקט ער אָן זיין האַר און רעדט זיך מיט אים דורך:
ער שלאָפט דער פינצטערער באַראַק, ער שלאָפט און זאַמלט קראַפט...
די נאַכט ווערט אומרואיק און שאַרט זיך מיט פאַרדאַכט
ביי אַלע זייטן ווענט און זאַמלט אַלע שאָטנס איין,
עפּעס שרעקלעכס דאַרף געשען; דערשפּירנדיק די פרעמדע טריט,
פרעגן שטיל די שאָטנס זיך: צי קומט גישט אָן דער טאָג?
און קאָנען קוים פאַר טויטער שרעק רירן זיך פון אָרט.
דער טאָג קומט אָן, דער טאָג, ער קומט, ר'איז מענלעך. יונג און דרייסט,
אין פּחד פון דער שוואַרצער נאַכט, זעט מען, אַז ער ווייסט
דעם זינען פון זיין מאַכט; ער קומט, ער גייט, ער טרעט,
מיט כמארעך גרויע אָנגעגורט, אויף וואַכעדיקע שטעט...

# משה דוד

## אזוי זיינען דיכטער

אזוי זיינען דיכטער,
ווי קינדער, פארוואונדערט
כאפן זיי שטראלן
פון יעדן יאָרהונדערט.

שפילן מיט שאָטנס,
ניואנסן און קלאנגען,
און ווילן צום הארצן
פון עתיד דערלאנגען.

# משה דוד

וואָס מאכט משה דוד, מײַן דיכטער און פריינד,
אין טשילע דעם לאנד, פארוואָרפן, העט ווייט?
צי זינגט ער נאָך לידער, צי שרייבט ער נאָך היינט,
ווי אמאָל, אין דער שווערער, פארהאָרוועטער צייט,

ווען ער האָט די פינגער געוואונדיקט, צעביילט,
געבוקט צו דעם שלייפשטיין, ביים דרייבאנק, אין גאנג,
געווינטן געשניטן און שרויפן געפיילט,
און אזוי, ביי דער ארבעט, געטראכט פון געזאנג?

וואָס האָט ער געשעפטשעט, געמורמלט קוים-קוים
מיט פארטריקנטע ליפן: וואָס איז מיט דיר מער,
מײַן גורל-מכשף, וואָס שפייזט מיך מיט טרוים,
ווען דאָס לעבן, דאָס הארטע, איז ביטער און שווער?...

און ס'האָט פון א שמעלין-טאָפּ, מיט פלאמען געדיכט,
א רויך אים פארוואָלקנט און שפּיאלטער, דער סם,
געשטיקט האָט זיין אָטעם, געקושט זיין געזיכט,
געקושט און באלויכטן מיט פייער און פלאם.

# ביינאכט, אזוי מיד...

איך ווייס נישט, מיין חבר, צי האָט זיך געלוינט
באזינגען מיט בענקשאפט צעשלאָגענע הענט,
ווען דו האָסט מיט ווייב און מיט קינדער געוואוינט
אין ענגשאפט פון גרויע צעקרישלטע ווענט.

וואָס האָט דיך געפייניקט, געצוואונגען דערצו,
צום טיש זיך צו בויגן, ביינאכט, אזוי מיד?...
אליין זיך בארויבן פון שלאָף און פון רו,
און פיבערן וויזיעס אין פערז פון א ליד?

וואו האָסטו געפונען דעם שפרונג, וואָס פארטויבט
מיט וואנזין — א יידישער דיכטער צו זיין;
א נאר, א מארטירער, וואָס בלוטיקט און גלויבט,
אין טרוים, אז די וועלט זאָל א שענערע זיין?...

איך ווייס נישט, מיין חבר, צי האָט זיך געלוינט
באזינגען מיט בענקשאפט צעשלאָגענע הענט,
ווען דו האָסט מיט ווייב און מיט קינדער געוואוינט
אין ענגשאפט פון גרויע צעקרישלטע ווענט.

# חבר געטרייער

שווייגסט, שווייגסט, מיין חבר געטרייער,
פארגליווערט אין הארטקייט פון שטיין.
די וועלט ווערט פארניכטעט פון פייער
און דו האלטסט פארשטשעמעט די ציין.

דאָס פייער דערגרייכט ביז די קני דיר,
אָט ווערסטו פון פלאמען פארצערט,
באזאמען מיט טויזנטער ברידער
פארוואנדלט אין אש און אין ערד.

אָט הויבן זיך וואָלקנס פון שטורעם
און ס׳ציטערט די ערד פון געוויין,
און ס׳קרעכצן די שטעט פון יסורים —
און דו האלטסט פארשטשעמעט די ציין.

דו הערסט נישט? צי ווילסט נישט דערהערן.
ארום דיר דאָס בייזע געשפענסט,
וואָס קומט מיט דער טאט פון צעשטערן
און ברענסט אינעם פייער, און ברענסט.

דו פלאמסט ווי א פאקל, א דאָרן.
אין פייער לויכט אויף דיין געשטאלט,
דיין שטומקייט, דיין צער און דיין צאָרן
און אלץ, וואָס דיין בוזים באהאלט.

# אין א שענק-הויז

היינט וועל איך א פּרואוו טון אן אנדערער זיין,
אריין אין א שענק-הויז מיט ווײ און פאַרדראָס.
א שריי טון צום שענקער: — אהער גיב מיר ווײן!
און שיכורן, טרינקען א גלאָז נאָך א גלאָז.

דער ווײן וועט צעזידן, באַרוישן דאָס בלוט,
און איך אינעם טיש-ברעט וועל שלאָגן דעם קאָפּ.
און שרייען, אז ס'איז מיר אויסטערליש גוט...
און ווישן געזאלצענע טרערן, ווי באָב.

אין דרויסן וועט גיסן א רעגן-גוס, ווינט
וועט פייפן און וואָיען, צעטראָגן די שטאָט,
און איך וועל זיין טויב, און איך וועל זיין בלינד,
און ס'וועט מיר שוין גאָרנישט זיין מער קיין שאָד.

אפילו דיין בענקשאפט, וואָס כ'טראָג טיף אין הארץ
אפילו דיין נאָמען כ'וועל ברומען פאר גרויל;
אז די וועלט איז געוואָרן פינצטער און שווארץ,
און שוים וועט באדעקן ס'צעשריגענע מויל.

און שטום ווערן פּלוצים, פאַרגליווערט און שטייף;
פאַרשטיינערט פון אומעט, פון טרויער, פון צער...
און גיבן מיט אָטעם-צוג לעצטן א פייף,
און שלאָפן, פאַרשלאָפן דעם בייזן קאָשמאַר.

# א בריוו

א בריוו געשריבן האָסטו צו מיר,
האָב איך אים געלייענט מיט באַנג.
און ס'האָט געצויגן מיך צו דיר
א בענקעניש פון יאָרן־לאַנג.

כ'האָב וואָרט, דיין וואָרט אין בלוט דערשפּירט,
דעם ריטם דיינעם כ'האָב דערהערט,
און ס'האָט די בענקשאַפט מיך געפירט
אַהין, אויף יענער ווייטער ערד,

וואו דו, צופיסנס בערג, אור־אַלט,
פאַרייִנזאַמט קוקסט אַרויף צו זיי,
ווי שטום זיין שטייען, בייז און קאַלט,
די קרוינען־קעפּ באַצירט מיט שניי.

נאָר טיף אין זיי, אָ, גאָט באַהיט!
קאָן זיין, אַז אונטער שטיין און קעלט,
מיט דונער־שאַל אַ פייער גליט
און ברענט — אַן אויסוועג צו דער וועלט.

איך זע די בערג און טאָלן טיף,
די גרויזאמקייט פון פעלדז און שטיין.
און ס׳ציטערט אין מיין האנט דיין בריוו,
און ס׳זינגט אין מיר מיין גאנץ געביין.

# לעבנס - גאנג

## קאפיטל איינס

ז

אין בלומען-טאָל פריצישן דופטן די רויזן,
און דאָ, אין דער אָרימקייט, וועלקט אלץ און צאנקט.
די נויט און דעם עלנט אויף נאקעט אנטבלויזן
מיט הארץ און נשמה מיין לעבן פארלאנגט.

אליין האָב איך וויניק פון תענוג גענאָסן,
אין וואָגל, אין מאטער געפירט מיינע טעג.
מיין טאטע האָט מעשענע לייכטערס געגאָסן,
נאָר נישט אויף באלויכטן מיין פינצטערן וועג.

אליין מיטן גורל — דער הונט, דער געטרייער,
ער וועט נישט פארלאָזן, די אויגן צעברענט,
ער גייט מיר נאָך פוס-טריט, דורך וואסער, דורך פייער,
און שריי איך, ער לעקט מיר מיט ליבשאפט די הענט.

איז וואָסזשע? דערציילן מיט פארביקע ווערטער
די בילדער פון קינדוויז, אויב דאָס האָט א זין?

אָ, צייט, ביזט געווען פאר מיר בלויז א מערדער!
דאָך, קום איך דיר דאנקען פאַר דעם, וואָס איך בין.

מיין מאמע האָט בענקשאפט געהאט אין די אויגן
און חלומען פלעגט זי הייליק, און פרום.
און איך האָב די מילך פון מיין מאמען געזויגן,
און דאָס איז מיין גרויסקייט און דאָס איז מיין מום.

אַן „אינגבע" מיט פייער, א פלאמען־געצינגל,
א טיגל, א שווערער מיט בליציק מעטאל.
און איך אינעם העמדל, א קינד נאָך, א יינגל,
איך קוק אינעם בלוילעכן פייער און כ'שטראל.

די „פלאשן" געפורעמט, פארשפאנט אין די פרעסן,
די „לעפלען" אין קלעשטשעם געגרייט און צעגליט.
קנויל רויך זיך געדיכטער, די לונגען זאָלסט פרעסן!
ביים סנה פון די טיגלען הויב אָן זיך מיין ליד.

העי, יאָמערט נישט, דריי־בענק, א קול לאָזט דערהערן,
פארטויבט נישט, פארגרילצט נישט מיט בראָנדזן געוואלד.
עס בליצן, עס שפיגלען די מעשענע רערן
פון שאָלעכץ באפרייטע, אין זיי — מיין געשטאלט.

א פנים, א לענגלעכס, אָט לאך איך, אָט וויין איך,
איך קרים מיט די ליפּן, צענעם און צעצי.

וואָס וועט פון דיר ווערן? ביזט הגיט בלויז און ביינער,
מיין יורש בן־יחיד, דו טויגסט נישט צו מי.

אזוי האָט מיין טאַטע געקושט מיך, טעג ליבע
פאַרגאַנגען אין טענהן, אין זיסלעכן פיין.
די אויגן, די רויטע, די בלינדע, די טריבע,
זיי זאָגן: און כ'ווייס, וואָס דאָס זאָגן קאָן זיין.

א מאָל... גאָר פאַרצייטנס... מיט הונדערטער יאָרן...
דורך פורכטזאַמע וועלדער, באַוואַקסענע גרין,
איז א זיידע, דער ערשטער מאַשיאַנזשניק געפאָרן
פון דייטשלאַנד, פון פראַנקפורט, קיין פוילן, לובלין.

דער וועג פול מיט גריבער, חדשים און וואָכן,
גזלנים אין וועלדער, און שרעק אין דער בויד.
און קוים מיטן לעבן דערשלעפּט זיך, דערקראָכן,
און באַלד האָט דיין זיידע א היים זיך געבויט.

געשמאָלצן מעטאַלן אויף הילצערנע קוילן,
געפורעמט דעם ווילן פון פּריץ און „קשיאַנדז".
אזוי האָט דער גיסער, דער ערשטער פון פוילן
געגאָסן מנורות פון קופּער און בראָנז.

אזוי זיינען דורות נאָך דורות געקומען,
פון זיידעס פון גרויע, פון טאַטעס, פון זין,

און זון פון דעם טאטן האָט איבערגענומען
די קריין פון מאָשיאָנזשניק, דעם שטאָלץ פון לובלין.

ניין, טאטע! איך וועל נישט פארראטן די נעמען,
די קייט און די רינגען, געשמידטע אין גלות,
איך וועל נישט צערייסן און כ'וועל נישט פארשעמען
די בראָנדזענע גלאָקן, וואָס קלינגען אין בלוט.

עס לויפן די יאָרן, די וואסערס פארשווימען.
העי, חלום מיר, לעבן, א מעשהלע צארט!
א קינד וויל איך ווערן, זאָל זיין כאָטש אין דמיון,
מיין איצטער איז ביטער, דאָס לעבן איז הארט.

עס זיינען דאָ באָבעס, געהויקערטע, געבויגן,
וואָס היסן און ניסן, די באקן מיט האָר.
ווי שיין איז א באָבע מיט ליב-גרויע אויגן,
א פעסטונג מיט מעשיות פון טויזנטער יאָר.

איז לויף צו דער באָבען, ארויף אויף די קניען,
און קושן, און האלדזן, א מעשה זאָל זיין!
און שטעקנס מיט מאנדלען הויבן אָן בליען,
און מעשהלעך פליסן מיט האָניק און וויין.

אָט, ווארפט מיך אין פחד, זע, ימים, זע, שטורעמס,
און שיפן, אָקרענטן געשליידערט פון ווינט,

און גריבער פון כוואליעס, און כוואליעס, ווי טורעמס,
גאָטס גרימיקער צאָרן גיסט אויס זיך אצינד.

א שיף טראָגט דער שטורעם, אָן זעגלען, אָן מאסטן,
א וואָלקנבראָך ווערגט זיך אין כוואליעס-געפלעכט,
עס העלפט נישט קיין בעטן, קיין וויינען, קיין פאסטן,
דער ים ווערט נישט שטילער — דריי טעג און דריי נעכט...

---

און ס׳ברומען די דרייבענק, געוויקל פון פאסן,
און גרין-בלויער פייער און האמער-געקלאפ.
א בארג מיט פאנטאזיעס, מיליאָנען. מילאסן,
וואָס רייצן און לאָקן, ריר אָן אין באטאפ.

---

אָט שפרייט זיך א וויסטקייט, אין מיט ים הקרח,
די כוואליעס פארפרוירן, ווי אייזן, ווי שטיין.
און טויזנטער שיפן, אָן צאָל, אָן אן ערך —
יאָמערן, קרעכצן א ביטער געוויין.

עס שטייען פארפרוירן אויף טויט די מאטראָסן,
ביי וואך און ביי רודער, ביי אנקער, ביי שטריק.
אויף אייביק פארקאָוועט, פארשמידט און פארשלאָסן.
ווער ס׳קומט נאָר אהער דאָ, דער קערט שוין נישט צ׳ריק.

און אַט, האָט דער שטורעם אַ שיפל פאַרטראָגן.
אין שיפל — צוויי ברידער, חברים, צי פריינט.
זיי שלאָגן אין קאָפּ זיך, זיי וויינען, זיי קלאָגן,
נישטאָ ווער ס׳זאָל הערן: „שריי מאָרגן, שריי היינט״.

גייען זיי, גייען דורך שורות מיט מתים.
די אויגן — פאַרגלייזטע, פאַרגליווערט דאָס מויל.
פון אייז זייער קרקע, פון שנייִ די טליתים,
אַז ס׳שטעלן די האָר זיך, ווי יאָזשען פאַר גרויל.

---

אָ, נייגיר! נישט איינמאָל, מיט בלוט וועל איך צאָלן
פאַר טרוימען, ווי דאַמאָלסט, אין יענער מינוט,
ווען צייןֹ-רעדער האָבן צעמאָרשט און צעמאָלן
מיין האנט, אַ באַשפּריצטע מיט שמיר-אייל און בלוט.

---

אַ באַרג איז אין פּורפּור אַנטקעגן געקומען,
זיין שפּיץ ביז די וואָלקנס, פאַררײסן די קעפּ,
ווי קומט מען אַרויף גאָר, האָט איינער גענומען
אַ מעסער און גריבערט דאָרט טרעפּ איבער טרעפּ.

אַ שניט און אַ שטאַפּל, ער קלעטערט, ער ציט זיך,
אַלײן העכער און העכער, אַרויף און אַרויף...

העי. קוק נישט אין אָפּגרונט! געוואָרנט זיי, היט זיך!
אן אייביקייט... יאָרן... דער וועג אָן א סוף.

און פלוצים, א יובל-געשריי פון זיין האַרצן,
און שוין אויפן רוקן פון בארגיקן ריז.
האָ, האָ, און ארום אים די פעלדזן זיי שטאַרצן
מיט שפּיצן פון שווייגן, קום, טרעט מיט די פיס...

---

# קאפיטל צוויי

ווי וואונדערלעך ס׳קומען די מעשיות צו שוועבן,
און בילדער נאָך בילדער קריצן זיך איין.
אמאָל איז געוועזן גאָר אנדערש דאָס לעבן,
און וואָס ס׳איז געוועזן, דאָס וועט שוין נישט זיין.

די ווערקשטעלס, די שרובשטיקס, די דרייבענק-געשטעלן,
די פיילער, די טאָקער, פאַריאָכט אין געשפּאַן.
די פּיילעכע יונגען, די אלטע געזעלן,
פאַר עסן און שלאָפן פאַרדונגען דעם זמן.

פאַר ווייבער געזאמלט, באהאלטן די שכירות,
און מעשיות דערציילט זיך, וואָס זיינען געשען.
נישט איינמאָל, אין ווינטער-נעכט לאנגע, פאַר מיר איז
א זון אויפגעגאנגען, כאָטש נאכט איז געווען...

און טיגלען, זיי זידן מיט מעש, זון-צעפלאַסנס
און רויך, ווי פון סני פאַררינגלט די שטוב,
מיט פלאַם און מיט פייער א בונד כ׳האָב געשלאָסן
אויף יאָרן, אויף לאנגע, נאָר נישט ביזן גרוב.

דער טויט האָט מיר שוועסטער און ברידער דערוואָרגן,
דאָס בלוט און די טרערן, נישט זיין זאָל געשענקט!
אָ, שרעקלעכע וואך-נעכט, אָ פינצטערע מאָרגנס
וואָס האָט איר, אָן בושה, מיר אומגליק געברענגט!

וואָס האָט איר אויף יאָרן די אויגן מיין מאַמעס
מיט טרערן באַגאָסן, צעבראָכן איר הארץ?
פארוואָס האָסטו, זון, נאָך אין ווינטער, ווי תמוז
געשיינט און געלויכטן, נישט ווערנדיק שווארץ!

די צייט איז א הענקער, איר שווערד איז א שארפע.
די צייט איז א צווילינג פון טרוים און קאָשמאר.
זי שלאָגט מיט א האמער און זיס, ווי א הארפע,
שפילט זי מיט טענער פון בענקשאפט און צער.

עס שטייען שוין ביימער מיט פירות באלאָדן,
מיט גין-גאָלד רענעטן, מיט פלוימען וויאָלעט,
די ריחות זיי דרינגען דורך פענצטער און לאָדן,
די פעלדער זיי טרייסטן מיט גרינס צו דער זעט.

נאָך זענען די מאָרגנס צעזומערט און העלע,
די בלומען, זיי דופטן ביים פריץ אין סאָד.
באגינען מיט צוויטשער — א פויגל-קאפעליע
צעזינגט זיך: „גוטמאָרגן” — אויף ביימער אין שטאָט.

עס ליִפן די צייטן, ווי ס׳וואסער אין טייכן,
און פֿרילינג ברענגט זומער, און זומער ברענגט הארבסט.
דאָס ערגסטע, וואָס זאָלסט נישט אין לעבן דערגרייכן,
איז בעסער, ווי ס׳בעסטע פון גליק, ווען דו שטארבסט.

אָט, טראָגט זיך מיט אימפעט צום שעכט-הויז א וואָגן.
דער וואָגן מיט יונגען און פעסער געפאקט.
עס הודזשען די רעדער, די פערדלעך, זיי יאָגן
ארויס אויף דעם אייגזאם פארוואָרפענעם טראקט.

דאָרט ווארט שוין דאָס שעכטהויז מיט בלעטער באוואָקסן,
א טייך א פארגליווערטער רונצלט דעם פלאך.
און הער, א געיאָמער פון קעלבער און אָקסן
צעטראָגט זיך אויף פעלדער דורך פענצטער און דאך.

אריין מיטן וואָגן אין וואסער, און ס׳היפן
די פֿריילעכע יונגען אין גראָז אריין גיך,
באוואָפנט מיט שווערע געפלאָכטענע זיפן,
מיט סווישטשען און פייפן, אָן הויזן, אָן שיך.

פון „קרעץ” און פון קוילן, א זיפן-געקנאטער,
פון שליים און פון „שליאקע”, נעשוואָנקען דאָס מעש.
דער הימל אין מעריב — א בלוטיקער קראטער —
און ס׳שפרינגט אין געמויזעכץ — גרין-קופערנע פרעש.

דאָס שעכטהויז נעמט שפייען דורך רערן־קאַנאַלן
מיט בלוט פון בהמות, פון חלף, וואָס שעכט.
די זון לעשט אין וואסער דאָס לעצטע פון שטראַלן,
און שטיל קומט מיט שאָטנס דער שר פון די נעכט.

באַזינגען די שטערן, די נאכט, די לבנה,
דאָס כישופע שווייגן פון בוימער און גראָז,
אויפסניי וואָלט איך וועלן דורך נויט און סכנה,
נישט פרעגנדיק קיינעם פארוועז און פארוואָס.

פארוואָס זאָל די שיינקייט זיין ווי א יתום?
דער מענטש איז שוין מיד היינט, פון קרעציקע רייד.
און וואָס איז דאָס אומגליק, אז ס׳קומען שבתים
פון רו און מנוחה, אמאָליקע פרייד?

שטום רוען מאַשינען, שטיל שטייען די רעדער,
און בעקער, און שוסטער, און סטאָליער, און שמיד,
און שניידער, און דינסטמויד, אויף פעלדער און סעדער,
דאָרט קלינגט זייער מעשה, דאָרט זינגט זייער ליד.

דאָס גרינס פון די גראָזן אויף לאָנקעס אויף פרייע,
איז טויאיק און זוניק, און ווייך ווי א פליוש.
און וועלדלעך ווי מאַמעס, די בוימער געטרייע,
באהאַלטן פאר פרעמדע דעם קלאַנג פון א קוש.

דו הערסט דורך דער שטילקייט פון בוימער דאָס וואַקסן,
דו זעסט, ווי עס נערט זיך אַ וואָרעם מיט זאַפט.
נישטאָ איז קיין שטורעמס, קיין ווינטן, קיין שלאַקסן,
וואָס זאָלן פאַרניכטן די דאָזיקע קראַפט.

דו זעסט אויף די גראָזן די יונגען, די מיידן,
וואָס זינגען און ליי׳נען פון „טויזנט איין נאַכט״.
פיל רעטעניש־סודות, זיי וועלן באַשיידן,
וואָס ס׳האָט זיך נאָך קיינער צו זיי נישט דערטראַכט.

מיין טאַטע, ער חלומט, זיין שמייכל ווערט דינער,
די מאַמע פאַרהיילקט, אין טייטש־חומש ליי׳נט,
עס זיצט וואו באַהאַלטן אַ גאָלדענער שפּינער
און וואו אַ מחשבה, ער זאַלבט זי און קריינט.

מיין האַנט אין די פינגער, אין טאַטנס, ווי ריגלען
מיט ליבשאַפט געקייטלט, אַ סוף און אַן ענד.
גענוג שוין געשטיקט זיך מיט רויך פון די טיגלען,
גענוג שוין ביים גיסן די אויגן געבלענדט.

— כ׳וועל ברענגען מאַשינען, וואָס וועלן דערשטוינען,
די דרייבענק די גרעסטע, די שווערסטע אין לאַנד.
פון גוס־שטאָל קאָוואַדלעס, אָהאָ, ס׳וועט זיך לוינען!
און ס׳צאַפּלט פאַר פרייד זיך מיין שיפּל־פאַרשטאַנד.

א טרעשטשען, א קרעכצן פון רעדער און וואָגן,
אכט פערד ווי די לייבן, אין פאָרן געשפאנט.
א שלעפּ מיט די קערפּערס, און ס׳ווערן צעטראָגן
די שטיינער פון גאסן, פון פונקען א בראנד...

אָט איז זי די דרייבאנק, די פּיס און די „וואנגען״
געשמידט און געבונדן מיט שטריק און מיט קייט.
עס ארבעטן שטאָלענע שטאבעס און שטאנגען,
און אָט, אָ, זי שטייט שוין! זי דרייט זיך און גייט.

די „פּלאנשייבע״ רונדיק, פון טריבעס די ציינער,
זיי פאָרן זיך שטילע און בייסן זיך איין.
און אלץ אזוי מעכטיק און איך, אזא קליינער,
געשמיסן, געצלמט, פון שאָטן און שיין.

ווער ס׳וויל זיך אין לעבן פארמעסטן צו טאטן,
דער טאָר נישט פארלירן דעם גלויבן און מוט.
און ווער וואָלט דען גלויבן אויף פּסח מיין טאטן,
אז ער וועט פארלירן נאָך ערגער ווי גוט.

אז שבת זאָל פעלן אויף קידוש און חלות.
דאָס ברויט אין דערוואָכנס, דאָס אָרעמע שפּייז.
אזוי אומפארהוילן זאָל טאנצן דער דלות,
ווי ס׳לויפן אין שטוב אום, אָן פּחד די מייז.

אז ס׳פייער אין קוזשניע זאָל ווערן פארלאָשן.
פאר חובות, דאָס „שנייד-צייג״ זאָל ווערן פארקויפט.
און נאקעט און באָרוועס, מיט אָרימע גראָשנס,
דער גרויסער מאָשיאָנזשניק, ער פאלט און אנטלויפט.

ער לויפט, וואוהין לויפט ער? אָן אויסוועג געבליבן.
דאָס פנים געשלאָגן, געדרונצלט די הויט.
ווי ס׳האָט נבוזרדן די יידן פארטריבן,
עס פירט אונדז אין גלות מיט סקריפן א בויד.

א נאכט, אָן א הימל און אלץ איז פארהוילן,
פארשלונגען פון פינצטער און שווארצקייט, ווי טינט.
אין צייט פון די באנען, נאָך פאָרט מען אין פוילן
מיט „אקס״, ווי פארצייטנס, מיט ווייב און מיט קינד.

עס טרייסלט, עס שאָקלט, עס ווארפט, און די שעהן,
זיי שלעפן זיך פוילע, ווי ס׳קריכן די פערד.
טויב שרייען די שמייסערס און כ׳קליפ-קלאפ פון קלאָען
צעטראָגט זיך, און ווייטער ווערט גאָרנישט געהערט.

א הונט זאָל א ביל טון, ס׳וואָלט פריילעך געוואָרן.
האלב וואך און האלב דרימל, מען טוליעט די רו.
דאָס ליכט פון לאמטערן, עס שטעכט ווי א דאָרן
די אויגן די מידע, וואָס קלעפן זיך צו.

דער ווינט האָט פאַרטראָגן אַ קערנדל זריעה
אויף וואַרשע, קרוינפּוילנס צעטומלטער שטאָט.
צי וועט עס דאָ וואַקסן? צי וועט עס דאָ בליען?
ס'וועט זיכער פּאַרוויאַנען, און זיין וועט אַ שאָד!...

די הויפן, ווי קאַסטנס, מיט שטאָקן אויף שטאָקן.
די קעלערס מיט ווילגאָטש, אויף בוידעמס די היץ.
דער ספּריט פון גנבים טוט רייצן און לאָקן,
דאָס ווינקען פון זונות, אַ ליד און אַ וויץ.

די סטאָליאַרס און ווערקשטעל, דאָס קלאַפּן און זעגן,
דאָס נייען פון שניידערס אויף זינגערס-מאַשין.
ווי גליטשיק עס זיינען די וואַרשעווער וועגן!
דו הערסט נאָר „פּראָווענצער" און „וויטישער זין".

ווען לערנסט זיך גנבנען, וואָלסטו געוועזן
אַ גנב, נשקשה, אַ בענקאַרט, אַ יאַט.
נאָר איך האָב גאָר נאַרישע מעשיות געלעזן,
פאַרקוקט זיך „קלאָץ-בוידעם" און דאָס האָט געשאַדט.

ס'קאָן זיין, אַז איך האָב גאָר אין האַרצן פאַרנומען
מיט אַנדערע ווערטער אַן אַנדער געזאַנג.
אַ שטים האָט גערופן, און איך בין געקומען
מיט לידער, און שטיינער — באַקומען אַ דאַנק.

די שטאָט איז אַן אומגליק, דו זעסט נישט קיין שווענבל,
קיין בוימל, קיין גרעזל, אין איינעם א הויף
האלט אָפּן מיין מאמע אַן אָרעם געוועלבל,
א העלפּט פאר א שלאָף־שטוב, און העלפּט אויף „פּארקויף״.

באגינען. די מאמע, זי וועקט און אָן אופּן,
זי קאָן נישט דערוועקן דעם פּעפּער, וואָס שנאָרכט.
שטיי אויף, מיין בן־יחיד! שטיי אויף! מען דאַרף קויפן,
אי עפּל, אי בארנעס און, קוים כ׳האָב דערהאָכט.

די גאס איז נאָך טונקל, און שטיל „ווי אַן אויער״.
די פענצטער פון הייזער, זיי גלאָצן מיך אָן.
איך גיי צו די „האליעס״, צום אייזערנעם טויער,
און „ס׳קאָצל קומט״ — הער איך — אין קריי פון א האָן.

און פעסער מיט פלוימען, און קעסטלעך ציטרינען,
און בארן, און עפּל, א שטוים ביי א שטוים.
און ס׳ראַיען די מענטשן ארום ווי די בינען,
און איך אינדערמיטן — א יאגדע די גרוים.

באנאכט איז דער טאטע צעקנייטשט און צעבראָכן
פון ארבעט געקומען, פארשוויצט און פארשטויבט.
פון טרעטן דעם „פּעדאל״ אים האָבן געשטאָכן
די זייטן און קוים־קוים, א פוס וואָס ער הויבט.

ביים עסן, דער ביסן אין מויל, און ער דרימלט.
ער פאלט אין די קליידער אוועק, ווי א סנאָפּ.
די מאמע, רוקט ווידער אויך היינט, ווי אנומלט
א קישן אים אונטער, א רו פאר זיין קאָפּ.

אין יענעם יאָר זיינען פארלאָפן זיך זאכן,
וואָס האָבן אין אומרו צעציטערט דאָס לאנד.
פון שלאָף האָבן פעלקער געגומען דערוואכן,
בארירט פון א בלינדער, באהאלטענער האנט.

מילחמות און שלאכטן, אין מזרח אין ווייטן,
און טאטעס, וואָס ציען אוועק אין דער קריג.
דאָס פאָכען פון פליגל, פון אנדערע צייטן,
פון לידער פון נייע, פון פרייהייט און זיג.

פון דעמאָלט די פאָנען די רויטע, די לידער,
דער אויפברויז פון מאסן, דער שטורעם און דראנג.
פון דעמאָלט די מענטשן וואָס זיינען זיך ברידער,
און נערן מיין קינדהייט מיט נייעם געזאנג.

## קאַפּיטל דריי

פאַל, שניי, מיט א גרינגקייט אויף וואַרשעווער דעכער!
דען שוין האָט דער ווינטער מיט פרעסט זיך געשטעלט.
אין קעלערן נאַסע, אויף בוידימס, אין לעכער,
דער מענטש ווערט געשוואָלן פון הונגער און קעלט.

פאַל, שניי, מיט א גרינגקייט, געדיכטער, געשווינדער,
לאָז פליען די שלימזלעך מיט גלעקל-געקלאַנג.
ווי גוט פאַר די רייכע זיך יאָגן אצינדער
אויף גליטשן, ווי שפּיגלען, געשליפענע בלאַנק.

אָט שפּאַנען זיי זאַטע, אין סויבלנע פּעלצן,
אין שמוישענע היטלען, צופרידענע שטאַרק.
נאָך לאַנג וועט עס דויערן ביז ס'וועט זיך צעשמעלצן
דער שניי, און דער פראָסט וועט צעברעכן דעם קאַרק.

אָט קויפט אום א יינגל, די שיכלעך צעריסן,
די פינגער אינדרויסן, א שפּיל פאַרן ווינט.
ווי אזוי עס דערלעבט נאָך, נישט קיינער וועט וויסן,
עס איז נישט דאָס איינציקע וואַרשעווער קינד.

נאָך ערגערס האָט ווארשע, אין קעלערן נאסע,
דאָרט ליגן אין שמאטעס באגראָבענע, הויל,
די עופּהלעך קליינע, די קינדערלעך בלאסע,
און וועלקן און וויאנען. און מיר איז נאָך וואויל.

טאָ וואָס, אז דער פראָסט האָט מיט מעכטיקע ריפּן
פארשמידט אלע גאסן? די ווייסל אליין
האָט שטום, אונטערטעניק פארביסן די ליפּן,
מיט אייז זיך באצויגן און אויפגעהערט גיין?

דאָס האָט זי די שטראָמיקע כוחות באהאלטן
און וואַרט ביז דער פרילינג וועט קומען, און דאן...
מיט מעכטיקע אָרעמס דאָס אייז וועט זי שפּאלטן,
און ווארפן די שטיקער צעשלאָגענעם כלאם.

דערווייל איז דער ווינטער א הארבער, א שטרענגער,
א בייזער שליח פאר אָרעמע לייט.
דאָס יאָר איז ער, דוכט זיך, נאָך גרעסער, נאָך לענגער,
און ביטערע בשורות ברענגט ער פון ווייט.

אין לאנד פון מאנדזשוריען, דאָרט פלאקערן שלאכטן,
דאָרט פאלן חילות, ווי זאמד ביי דעם ברעג.
א שרעקלעכער חלום, א פינצטער געדאכטן,
האָט ס'הארץ פון די מאמעס פארצויגן מיט שרעק.

ניעמט קיינמאָל נאָך האָבן געוויינט אזוי לידער,
די הערצער געריסן פון יונג און פון אלט.
„אדיע מיינע טייערע שוועסטער און ברידער!
איך גיי אין מלחמה, אוי וויי און געוואלט!”

וואו גייט ער דער „פאַניע” אויף טייכן זיך שליטלען,
פארפרוירענע, קאלטע? איז אמת? איז וואָר?
אז ער קאָן פארשיטן נאָר בלויז מיט די היטלען
דעם קליינעם יאפּאַניער, דעם גאָרנישט מיט גאָר?...

ווער קאָן נישט גרוים-רוסלאנד, די וועלדער סיבירער,
די בערג, די אוראלער, די טונדרעס, קאווקאז?
דאָס לאנד פון דעם „פּאַטערל-צאר”, דעם רעגירער,
וואָס יערט אזוי שרעקלעך אויף הייוון פון האס.

וואו ס׳וואוינט דער טשעטשעניעץ אויף בערג אין אאולן,
און ס׳טרייבן קירגיזן אין סטעפּעס די שאָף.
א לאנד, רייך מיט פעלדער, מיט בערג און מיט טאָלן,
צי לעבט עס? ס׳איז גיכער פארזונקען אין שלאָף.

אפילו דער אָדלער, וואָס שוועבט אין די הימלען,
אויך ער שפרייט די פליגלען, ווי גלייכגילטיק, שווארץ.
וואָס איז עס מיט רוסלאנד, וואָס האלט אין איין דרימלען,
און הערט נישט דאָס שלאָגן פון אייגענעם הארץ?

נישט זוכט אין די טונדרעס פון רוסלאנד דעם תיקון,
נישט זוכט אין דעם ווילדן פארוואקסענעם סטעפ.
דאָס לעבן גייט אויף גאָר אין שטעט פון פאבריקן,
וואו קוימענס, וואָס רויכן פארדייסן די קעפ.

דער דניעפּער, די וואָלגע, אויף זילבערנע קאמען,
פארכישופטע וויגן אויף שיף און פארום,
דאָס גוטס פון גרויס-רוסלאנד, „א רוח אין איר מאמען"!
און ברענגען דעם טרויער פון פעלקער — א גרוס:

א גרוס פון די יעגער אין פינצטערע וועלדער,
וואָס זוכן די שפורן פון בער מיטן אויג.
פון בלאָנדע באטראקעס אויף פריצישע פעלדער,
פון פישער, וואָס פאנגען דעם לאקס און דעם רייג.

פון גרעבער-שאכטיאָרן אין טיף פון די שאכטן,
פון גאָלד און פון קופער, פון שווארצן דיאמאנט.
פון טורמעס פארשטיינערט, וואו פינצטער עס שמאכטן
די ליכטיקסטע קינדער פון רוסישן לאנד.

---

ווי קומט עס, א קינד גאָר מיט חוש זאָל דערפילן
דעם אָנזאָג אין שטילקייט, פון וועטער דעם טויש,
דעם נאקעטן שטורעם, וואָס גייט זיך צעשפילן
אויף קעפּ פון די פעלקער מיט ווילדן געוויש?

צי זיינען נישט פּרעכטיק די פּוילישע מאי־טעג?
צי שמעקט נישט ווי תמיד דער ליליאָווע בעז?
די לופט איז געלאָדן מיט זיסקייט ביז ווייטיק,
מיט אָנזאָג פון אויפבראָיז, מיט פרייד און מיט נס.

לויף, יינגל, וואָס גיכער אוועק צו דיין טאַטן
און העלף אים ביים „טרעטער" און שטאַרק אים מיט מוט.
ביסט יונג נאָך, וועסט וואַקסן, און ס'וועט דיר נישט שאַטן,
דיין מאַמע, דער ליבער, ער שפּייט שוין מיט בלוט.

ער קרעכצט ביי דער דרייבאַנק, ווען ס'שפּריצן די שפּענער
און בריען צעגליטע פון פּנים זיין הויט.
קוק אָן מיך, דיין טאַטן, אָ, קינד מיינס, און זע נאָר!
דאָס איז ער, וואָס האָט פאַר דיר שלעסער געבויט...

נאָך הער איך די ווערטער: אָ, קינד מיינס, א לערע
זאָל זיין דיר מיין פּריפונג, מיין פּיין און מיין אַלץ!...
פאַרליר נישט דעם גלויבן אין לעבנס־טעג שווערע,
אפילו ווען ס'ליגט דיר א שווערד אויפן האַלדז...

---

עס זיינען ווי קאַסטנס די וואַרשעווער הייזער.
די הויפן, ווי שטעטלעך, מיט מענטשן געפּאַקט.
גאַנץ פּוילן פאַרמאָגט דאָ די איינציקע שפּייזער,
וואָס קומען אהער דאָ מיט באַן און מיט טראַקט:

די שוסטערס פון סקארשעוו און שניידערס פון פשיטיק,
די בערדיקע בערשטער פון אפט און מעזריטש.
אין גאַרקיכן שווארצע, ביים אָרעמען מיטיק,
דערקענט איר „פּראָווענצער" אין גאנג און אין קוויטש.

די קיעלצער, וואָס ליובעווען „פליאיש" מיט א „ליאמעד",
די „ליטוואקס", וואָס „כאלעסן" „פּיס", מיט א „סין".
„פּאניעַנקעס" פון קאליש, געסטראָנצלט אין סאמעט,
און בלאָנדע קורסיסטקעס פון ווייטן וואָלין.

ס'איז ווארשע, די קרוינשטאָט, גאָר שיין, ביז אנטציקן...
די קראָקעווער פּאָרשטאָט — דאָס שענסטע, דער שאַץ.
דער ברעג פון דער ווייסל מיט בויגנס פון בריקן,
מיט פּראכט פון דער צערקווע, דער זאקסישער פּלאַץ.

ס'האָט ווארשע אין קנעכטשאפט גאָר אנדערע ריטער
פון כּירמל געכישופט, אָן שווערד און אָן שפּיז;
די ריזן, וואָס זינגען מיט הייליקן ציטער,
דעם הימן פון פרייהייט, וואָס קלינגט אזוי זיס.

אויף קאלטן פּאָליר-שטיין, פארשטיינערט אין טרוימען,
דער דיכטער מיצקעוויטש קוקט שטאָלץ און קוקט דרייסט.
ער ווארט אויף משיחן, וואָס וועט נישט פארזוימען
צו קומען דערלייזן די פעלקער מיט גייסט.

אויך איך האָב פאַרבלאָנדזשעט, ווען בלאָנדזשען נישט קינדער?
אין ווילדן געטומל פון דראָזשקעס און פערד,
איך לויף אין פאַרגאַפונג, אָט זע איך אַצינדער:
קופּערניק, וואָס מעסט מיט אַ צירקל די ערד.

אַ מאַן מיט אַ צלם אַ שווערן אויף פּלייצעס,
איך קוק און איך ציטער, איך האָב אים דערקענט,
דאָס איז ער דער גויאישער יויזל, איך ווייס עס,
וואָס איבער אים ווערן די יידן געברענט.

אַנטלויף ייִדיש ייִנגל, ווי פייל פונעם בויגן
פון אָרט, וואָס דערמאָנט דיך אין גזירות, אין מאָרד!
און פּילע, מיט טרערן הויב אויף דיין אויגן
צום דיכטער מיצקעוויטש, וואָס זינגט מיט זיין וואָרט:

„אָ, פאָטערלאַנד טייערס! דו ביסט אַ שטיק לעבן".
„ווער ס'האָט דיך פאַרלוירן, דער ווייסט איצט דיין ווערט".
און וויפל וואָלט איך איצט באַצאָלט און געגעבן,
פאַר פילן דעם תענוג פון לאַנד און פון ערד.

כ'וואָלט אויך זיך געוואונטשן: אַז „ס'ליד מיינס זאָל גרייכן
צום פאָלק, וואָס עס וואוינט אין די שטיבלעך פון ליים",
נאָר אומגליק האָט ס'פאָלק מיינס אויף ימים און טייכן
צעשפּרייט און צעוואָרפן און ס'האָט נישט קיין היים.

ניטאָ איז קיין ליבערס, קיין בעסערס פון זומער,
די זון ווי א מאמע, זי ווארעמט און גלעט.
עס דוכט: אז אפילו א פעלזן, א שטומער,
באקומט דורכן זומער זיין לשון און רעדט.

די ווייסל, דער פוילישער טייך, ווי א שפיגל,
ער כישופט די כוואליעס, ווער איז צו אים גלייך?
ער האָט פערל-פּאלאצן, אָן שלאָס און אָן ריגל,
מיט נימפן — לעגענדעס באהאלטן אין טייך.

אז זומער איז זומער, דאָס ווייסט דאָך א יעדער,
נאָר ניט פאר די מענטשן פון ארבעט און מי.
זיי מוטשען די טעג אוים ביי שרויפן און רעדער
און ווערן פארטריקנט פון זוניקן גלי.

פאר זיי איז נישטאָ גאָר קיין שאָטן קיין מילדער,
די לונגען זיי אָטעמען פייער און שטויב.
ווי שרעקלעך צו מאָלן פון זומער די בילדער,
ווען גופא דער אמת איז בלינד און איז טויב.

ס'האָט פלוצים (מען ווייסט נישט דעם סוד נאָך עד-היום),
מיט פרישקייט א ווינטל א ווייע געטון.
געברענגט ווי א זריעה, אָן אָנזאָג א נייעס,
און אנדערש, גאָר אנדערש געשיינט האָט די זון.

ס׳האָט עפּעס געטומען וואָס וואַקסן און ווערן,
א כוח, א וואונדער, דאָס פאָלק האָט דערוואַכט.
געוואָלט מיט איין אָטעם די וועלט איבערקערן,
און שפּאַטיש פון פיינט, דעם באַדריקער, געלאַכט.

בישט איינמאָל אין יענע פאַרנאַכטן, די שטילע,
האָט פלוצים דערהערט זיך א ליכטיק געזאַנג.
דאָס ליד האָבן קינדער געזונגען אפילו:
„ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך שקלאַפן, ווי לאַנג!...״

עס האָבן די זיידעס געקלאַפּט אין די טישן,
געשעלטן די מורדים, געקרעכצט אלע מאָל:
— זיי וועלן נאָך ברענגען אן אומגליק, א פרישן
אויף יידישע קינדער, די פושעי ישראל...

ווי שטורעם אין א שייער פאַרכאַפּט פון א פייער,
עס צינדן אָן שטרייקן פון „אחדות״ די לייט.
ביי זיי אין די „העמדלעך״, ליגט רואיק א „שפּייער״
און ס׳העננט מיט א יחוס א טראָלד ביי דער זייט.

די יידישע סאַלטשעס, די באַלטשעס די צאַרטע,
די הסידישע טעכטער פון שפּיץ אויבן-אָן;
זיי „שחורן״ באַמבעס, זיי שטייען אויף „וואַרטע״
און שטיקן מיט גאָלד אויס די בלוט-רויטע פאָן.

אינמיטן געווירבל פון פריצישע גאסן,
גיט פלוצים א פלאטער אן אויסטערלישער נס.
א פאָן, ווי א פלאקער, שטייגט אויף איבער מאסן,
און ס׳שרייט פון דער רויטקייט: „עס. דע" „פע. פע. עס."

ס׳גיט ראפטום א דונער א הייליקער הימן
פון טויזנטער העלדזער, און ווילן, דער גאָט
פירט אָן און פארברידערט אין איינס אלע שטימען,
הייסט גיין און מארשירן: טריט-טראָט און טריט-טראָט.

פאר שרעק פון די קולות עס ציטערן שויבן.
זאָל ׳לעבן די פרייהייט! „ניעך זשיע!" און באלד...
א ים פראָקלאמאציעס, ווי שניי-ווייסע טויבן,
אויף קעפ פון די מחנות שטיל נידערט און פאלט...

---

פארנאכט, ווען עס ווערן פארמאכט די ווערקשטאטן,
פארנאכט, ווען עס פאלן די שאָטנס געהיים,
איז נישט צו דערקענען פסח, מיין טאטן,
וואָס קומט פון דער ארבעט א מידער אהיים.

זיין גאנג איז גאָר פעסטער און גלייכער דער רוקן,
עס דוכט, אז די שכינה איבער אים שיינט.
איז טאקע א פרייד אויף זיין פנים צו קוקן,
און פרעגן אים: — טאטע! — וואָס ברענגסטו מיר היינט!

נישט ראָזשינקעס — זאָגט ער — ניט זיסקייט צום נאַשן,
ניט מאַנדלעך פון האָניק, אומזיסט איז דיין מי!
און איך שטופּ די הענטלעך צו אים אין די טאַשן,
און טרעף אויף א „בלעטל" וואָס גיט אזש א ברי.

ביים שיין פונעם לעמפּל, איך שלינג מיט די בליקן
די אותיות די שווארצע אויף דינעם פּאפּיר:
אָ, ארבעטער, שקלאַפן, פון שטעט און פאבריקן,
דערוואכט פונעם שלומער און גיט אייך א ריר!

„א טויט די טיראנען! די בלוט-זויגער, מערדער!"
„גענוג שוין געטריבן, געהאסט און געיאָגט!"
און ס'ווערן פארוואנדלט אין פייער די ווערטער
און איבער מיר שפּרייט זיך — א ליכטער טאָג!...

# דאָס ליד פון פרידן

דער פויער פירט דעם אקער,
דער שמידער שמידט אן אקס;
און די אלטע באבע
רואיק שפינט דעם פלאקס.

אויף פייער שטייט א טעפל
און יומטובדיק עס זידט;
און ס׳וויגט א יונגע מאמע
איר קינד, און זינגט א ליד.

אויף פריזבע ליגט א קעצל
און דרימלט אומגעשטערט,
און מיט רו און פרידן
שמעקט די גאנצע ערד.

ס׳איז שטיל דער בין-השמשות,
די זון אין פייער גליט,
און אהיים צום בינשטאָק
א בין, פארשפעטיקט, פליט...

און צאַרט, ווי סטרונע, ציטערט
מיין האַרץ אין בלויען רוים.
און ס'טריפט מיט פרייד און בענקשאַפט
פון יעדן גראָז און בוים.

און אין חלום-שימער —
די נאַכט מיט שטערן בליט.
און דוממים און צמחים —
אַלץ שעפּטשעט פרייד און פריד...

# ווערטער טייטש

## לידער

טשיטשא — א מין ווײַן.
שפרינגער — די ניי־געבוירענע היישע־
ריקן

## פּאָעמע פּסח

גראָבשטיק — א האנט־געצייג צו טאָקן
מעש.
מאָשיאָנזשניק — מעשנגיסער.
קניאז — פירשט.
משעליאדניק — נעזעלן
דזיען דאָברי — גוט מאָרגן.
דזשעדזשיץ — פריץ.
העלקע — גהינום.
קאָשטשיאָל — קירכע
אַמבאָנע — קריסטלעכער באַלעמער
יוכע — בייז־בלוט
שטשעטשינע־בערד — די האָר הארטע
ווי חזיר־האָר.
שוואיגערס — מילך פּאכטער.

## בלאָנדער גאוטש

גאוטש — אַן ארגענטינער פּויער.
פּאָנטשאָ — א ברייטע וואָלענע טוך.
סאינאָ — רייט־פּערד.
פּאמפּא — סטעפּ.
גוואנאקא — א מין ווילדע זיד־אמעריקא־
נער אינד פון דער משפּחה לאַמאס.
פּערדיסעס — פּעלד־הינדעלעך.
קאָנדאָר — א זיד אמעריקאַנער אָדלער.
מאטע — א ספּעציפיש געטראַנק.
וויסקאטש — א גראָז־פרעסעריש חיה,
גרויס ווי א מיטלמעסיקער הונט.
ראנטשאָ — א הייזקע
טשינא — דער ליבלינגס נאָמען פון דער
איינגעבוירענער פרוי.

## פּאָעמע די מוטער

מולא — מויל אייזל.
פּוענטע דעל אינקא — בריק פון די
אינקאס.

## פּאָעמע דייטשלאַנד 1916.

קעלן — א דייטשישע היסטאָרישע שטאָט
ביים טייך ריין.
קאלק, אָדער קעלן־קאלק — א פאָרשטאָט
פון קעלן.
דאָם — קאטעדראלע, הויפּט קירכע.
פּעניק — קלענסטע דייטשישע מטבע
בורש — יינגל
קעטשענס, גרעטשענס — נעמען.
ברוויטיגאמס — חתנים.
דינג — קענגשטאנד, זאך.
פּעספּער — פּארנאכט־איבערבייסן.
קנאב — א בחורל
רעק — א ריז.

## פּאָעמע לעבנס־גאנג

אינגבע — שמעלץ־אויוון.
טיגל — שמעלץ־טאָפּ.
צענע מעש.
פלאשן — פּאר פורעמס.
לעפּלען — כלים צו שעפּן דאָס צעשמאָל־
קרעץ — אָפּפאל פון געגאָסן מעש.
שליאקע — אויסגעברענטער, צעשמאָל־
צענער קאָקס, וואָס ווערט פּארגלי־
ווערט צוזאמען מיט שטיקלעך מעש.
וואנגען — די רעלס באקן אויף וועלכע
עס באוועגן זיך די אינסטרומענטאלע
מאשין טיילן.
האליעס, אייזערנער טויער — מערק פלע־
צער אין ווארשע.
שפּייער — רעוואָלווער.
שחורן — „שווארצן" געווער.
ווארטע — אויף דער וואך.
ניעך זשיע! — זאָל לעבן! עס לעבע!

# אינהאַלט:

ל י ד ע ר



פּ ס ח



מ ז ר ח



געזאַנג און געוויין פון יפתחס טאָכטער



ד עֶ ר ב ל אָ נ ד ע ר ג א ו ט ש



א י ן א ו י פ ב ר ו י ז

